פרייז

נײַע צװעלף

# פָאלְקְס־לִיעֶדער

פערפאסט און קאָמפּאָנירט פון דעם בעריהמטען פאָלקס־דיכטער

## אליקום צונזער.



ווילנא, תרס"ג. בדפוס י. פיראָזשניקאָוו.

פֿערלאַג און אייגענטהום פֿון ר׳ יצחק פונק בווילנא.

## נייע צוועלף

# יודישע פאָלקס-ליעדער.

פערפאסט מיט מעלאָדיען און מוזיק בעגלייטונג

פֿאָן

בעריהממטען פּאָעט און פֿאָלקס-דיכטער

## אליקום צונזער.

געזונגען אין זיינער לעצטער צייט אין איראָפּאָ.

ווילנא, תרס״ג, בדפוס י. פיראָזשניקאָוו.

ДВѢНАДЦАТЬ СТИХОТВОРЕНІЙ

*Э. ЦУНЗЕРА.*

**Изданіе Исаака Функа. Вильна.**

Вильна, Типографія И. І. Пирожникова Завальная ул. д. № 1147

1902.

# אִינְהַאלְטְס־פֶערְצֵייכְנִיס:





# דִיא פִּירַאמִידֶען

אָדער

# דָאס אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיכֶעס פָאלְק .

ערשטער טהייל

---

1.

צוּם וואוּנְדֶער שְׁטֵייעֶן אִין מִצְרַיִם דִיא פִּירַאמִידֶען ,
שְׁטוּמֶע מָאנוּמֶענְטֶען אוֹים גֶעשְׁטֶעלְט ;
אָבֶער מֹשֶׁה הָאט דַאן פָארְמִירְט אַפָּאלְק אִידֶען ,
אַלֶעבֶּעדִיגֶע פִּירַאמִידֶע אוֹיף דֶער וֶועלְט .
נַאצְיָאנֶען בְּלִיהֶען פִּיר זַיינֶע אוֹיגֶען ,
שְׁטַייגֶען הוֹיךְ אִין דֶעם גְרֶעסְטֶען פְלָאאר ;
וִויא פוּךְ , וִויא רוֹיךְ וֶוערְדֶען זֵייא צוּפְלוֹיגֶען
אוּנ עֶר שְׁטֶעהט פֶעסְט פִיערְטַהאלְבֶּען טוֹיזֶענְד יָאהר !
וִויא זַיין סוּכָּה'לֶע אוֹיף אִיהר שְׁוַואכֶע שְׁטֶעלֶע
וָואס שְׁטֶעהט זִיךְ צוּ אַוֶוענְטֶעל צוּגֶעקְלֶעפְּט
אוּנ זִיא לַאכְט אוֹים דִיא גְרֶעסְטֶע צִיטַאדֶעלֶע ,
זִיא הָאט אֵייבִּיג זֵייא אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט .

ענדליך ווערט דיא בוימעל אַרויף שווימען פון אויבען
צולעצט בלייבט גילטיג זיין וואָרט, זיין שטים,
דען ער בלייבט אייביג פונקט וויא זיין גלויבען
וויא זיין גאָטט, וואָס ער גלויבט אין איהם.

2.

יעדעס פאָלק האָט זיך איהרע דרייא פעריאָדען.
איהר יוגענד, איהר מוטער אונ איהר עלטער צייט;
דאַן ווערט פערמאַכט אויף אייביג איהרע לאָדען
אונ זיא פערגעהט שוין אין איהר עוויגקייט.
דיא דרייא פעריאָדען געהט אויך דער איד אַריבער
פונקט וויא איין מענש, פונקט וויא אַ נאַציאָן
נאָר צו זיין עלטער טרייסעלט איהם דורך אַ פיבער
אונ דאַן קומט איהם זיין יוגענד וויעדער אָן.
וויא דער קערענדעל וואָס ווערט אין דער ערד בעהאַלטען
אַזוי צופוילט דער איד אויך אויף דער וועלט
נאָר פלוצלונג שפּראָצט אַ יונגער דור פון אַלטען
קנאָספען בליהען, וויא עס לאָזט נאָר אָפּ דיא קעלט.
זיין לעבען איז געוועקסעלט מיט דערניעדער אונ דער הויבען.
נאָכ'ן ווינטער קומט שטענדיג זיין פריהלינג צו איהם,
בכן בלייבט ער אייביג פונקט וויא זיין גלויבען
וויא זיין גאָטט, וואָס ער גלויבט אין איהם.

3.

עֶר אִיז גֶעבּוֹיט עֶר זָאל אֵייבִּיג קֶענֶען עֶקְזִיסְטִירֶען
עֶר זָאל נִישְׁט אוּנְטֶערְגֶעהְן וִויא דִיא פֶעלְקֶער אַלֶערְלֵייא ;
נָאר עֶס קָאן דָאךְ טְרֶעפֶען אַז עֶר וֶועט זִיךְ אַסִימְלִירֶען
דַאן מוּז עֶר שְׁטַארְבֶּען גְלַייךְ מִיט זֵייא .
דְרוּם הָאט מֶען אַשִׂנְאָה אַרַיין גֶעגֶעבֶּען ,
וָואס דָאס אִיז פַאר זַיין אֵייבִּיגְקַייט אַגְלִיק ;
אַז וֶוען עֶר וִויל גֶעגֶען זַיין גְלוֹיבֶּען לֶעבֶּען ,
שְׁטוֹיסְט מֶען אִים מִיט שִׂנְאָה אָפּ צוּרִיק .
וִויא עֶר וִויל מִיט דִיא שְׁכֵנִים זִיךְ פֶערְגְלַייכֶען
עֶסְט אוּנ טְרִינְקְט צוּזַאמֶען בַּיי אֵיין טִישׁ ,
גֶעהְמֶען בַּאלְד דִיא שְׁכֵנִים אִיהם אוֹיסְוַוייכֶען
וִויא ר׳ עֲקִיבָא׳ס מָשָׁל פוּן פוּקְס מִיט דִיא פִישׁ , (1
זַיין הִיסְטָארְיֶע אִיז וואוּנְדֶערְבַּאר אִיהר פִיהְרְט אַ הַאנְד פוּן אוֹיבֶּען
קַיין פְרֶעמְדֶע בְּלוּט זָאל זִיךְ נִיט צוּמִישֶׁען אִין אִיהם ,
בְּכֵן בְּלַייבְּט עֶר אֵייבִּיג . פוּנְקְט וִויא זַיין גְלוֹיבֶּען
וִויא זַיין גָאטט , וָואס עֶר גְלוֹיבְּט אִין אִיהם .

4.

אָבֶּער וֶוען דִיא שְׁכֵנִים טְרָאגֶען אוֹיף אִיהם אַ שִׂנְאָה
טוּא וִויא וֶועט עֶר קָאנֶען צְוִוישֶׁען זֵיי בַּאשְׁטֶעהְן ;

*) ברכות ס״א :

מִיא קֶען אִיהם מִיט זַאקָאנֶעס פַארְצַאמֶען זַיין חִיוּנָה
דַאן קָאן עֶר פַאר הוּנְגֶער גִיךְ אוֹיסְגֶעהן .
דְרוּם הָאט מֶען אִין אִיהם אַרַיין גֶעגֶעבֶּען
אַ קְרַאפְט , וִויא עֶר שְׁפַּייזֶע שְׁטָאף גֶעפִינְט ,
אַז מִיא פַאר צַאמְט אִיהם אַלֶע מִיטֶעלְם לֶעבֶּען ,
זוּכְט עֶר זַיין שְׁפַּייז מִיטֶעל פוּן וִוינְט .
מֶען זָאל אִיהם קַיין שְׁטֶעלֶע אוּנ קַיין עֶרְד נִישְׁט גֶעבֶּען ,
דָאךְ זוּכְט עֶר זִיךְ אַ פַּרְנָסָה אוֹיס ,
אוּנ צָאהל אִין שׁוּל , אוּנ פַאר זַיין זוּן אַ רֶבִּין
אוּנ זַיין טָאכְטֶער גֶעהט נָאךְ שַׁבָּת שֵׁיין אַרוֹיס .
אַן-אַנְדֶער פָאלְק וָואלְט פַאר הוּנְגֶער אוֹיס גֵיין , אָדֶער אִין וֶועלְדֶער רוֹיבֶּען
אוּנ עֶר שְׁפַּייזְט זִיךְ דוּרְךְ וֶוען דֶער מוֹיל–שְׁלָאס הֵיינְגְט אוֹיף אִיהם
בְּכֵן בְּלַייבְּט עֶר אֵייבִּיג , פוּנְקְט וִויא זַיין גְלוֹיבֶּען
וַויא זַיין גָאטט , וָואס עֶר גְלוֹיבְּט אִין אִיהם !

5.

אָבֶּער וֶוען דִיא פֶעלְקֶער טְרָאגֶען אוֹיף אִיהם אַשִׂנְאָה
אוּנ עֶר אִיז מוּטְהלָאז , אָהנֶע קְרַאפְט אוּנ מַאכְט ,
דַאן קֶען דָאךְ טְרֶעפֶען אַמָאהל אִין אַ מְדִינָה
אַבֶּעפַאל אוּנ פַארְנִיכְטֶען אִיהם אִין אֵיין נַאכְט .

דְרום אויף זַיין גֶעשִׁיכְטֶע לִיגְט דיא פְלִיכְטֶען
אַז דֶער איד מוז זַיין צו וָוארְפֶען אִיבֶּעַראל ,
אַז אויב עֶס טְרֶעפְט מֶען וִויל אַפִּרַאט פֶערְנִיכְטֶען ,
בְּלַייבְּט דָאךְ אויף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט דֶער כְּלַל .
פִיעל מָאל הָאט מֶען אַגְלִיעד אִיהם אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען
דָאךְ הָאט פון זַיין צָאהל נִימַאלְס גֶעפֶעלְט ;
אַקְלֵיין וַויילֶע הָאט עֶר שְׁמֶערְצֶען גֶעלִיטֶען ,
זַיין עֶקְזִיסְטֶענְץ מוז בְּלַייבֶּען אויף דֶער וֶועלְט .
אַהֵיילִיגֶע שְׁפְּרַאכֶע אִיז אִיהם גֶעגֶעבֶּען פון אויבֶּען ,
פַאר דיא צו וָוארְפֶענֶע גְלִיעדֶער אֵיין שְׁפְּרַאךְ אונ אֵיין שְׁטִים ;
בְּכֵן בְּלַייבְּט עֶר אֵייבִּיג , פּונְקְט וִויא זַיין גְלויבֶּען ,
וִויא זַיין גָאטט , וָואס עֶר גְלויבְּט אִין אִיהם !

6.

וַוייל עֶר מוז וואוינֶען אִין אַלֶערְלֵייא אַקְלִימֶען ,
מוז שְׁטֶענְדִיג זוכֶען פַאר זִיךְ אַן אַנְדֶער אָרְט ,
הָאט מֶען אִיהם גֶעבּוֹיט אַז עֶר זָאהל קֶענֶען שְׁטִימֶען
מִיט יֶעדֶער לוּפְט וואו עֶר בֶּעזֶעצְט זִיךְ דָארְט . —
יֶעדֶעס פָאלְק וואו זִיא וֶוערְט גֶעבָּארֶען
דָארְט מוז זִיא זַיין אֵייבִּיג אִין יָאהר ;
בַּייט זִיא עֶרְטֶער וֶוערְט זִיא גִיךְ פֶערְלָארֶען
אַז פִיעל דֶערְצִיהט זִיא בִּיז צום פֶערְטֶען דוֹר .

דָאס הָאבֶּען שׁוֹין בֶּעשְׁלָאסֶען פְּרָאפֶּעסָארֶען
אַז דֶער מִיט אִיז דֶער אִיד אֵיינֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט,
אַז וואו עֶר קוּמְט אִיז עֶר דָארְט וִויא גֶעבָּארֶען
אִין דִיא גְרֶעסְטֶע הִיטְץ, צוּ אִין דִיא גְרֶעסְטֶע קֶעלְט.
דִיא וֶועלְטֶעגֶע מַתָּנָה אִיז אִיהם גֶעגֶעבֶּען פוּן אוֹיבֶּען
עֶר זָאהל קֶענֶען שְׁטִימֶען מִיט יֶעדֶען אַקְלִים,
בְּכֵן בְּלַייבְּט עֶר אֵייבִּיג, פוּנְקְט וִויא זַיין גְלוֹיבֶּען
וִויא זַיין גָאטט, וָואס עֶר גְלוֹיבְּט אִין אִיהם!

---

# פִּירַאמִידֶען.

---

צווייטער טהייל

1.

טוּ: וָואס וֶעה אִיךְ דִיר, מַיין פָאלְק אִידֶען
דוּא בִּיזְט אַרָאפּ פוּן מוּטְה,
קֶענְסְט זִיךְ נִיט עֶנְטְשִׁידֶען
וָואס מִיט דִיר זִיךְ אִיצְטֶער טְהוּט.
דוּא זֶעהְסְט
מֶען פְּרֶעסְט
מֶען פִירְט מִיט דִיר צוּ שְׁטְרֶענְג;

מֶען דְרִיקְט
מֶען שְׁטִיקְט
מֶען שְׁפַּארְט דִיר אָן צוּ עֶנְג .
הָאסְט גֶעהָאפְּט : דִיא צִיוִוילִיזַאצְיֶע
װֶעט שְׁטִילֶען דַיין גֶעשְׁרֵייא ,
דֶערְקֶענֶען װֶעט יֶעדֶע נַאצְיֶע
אַז דוּא בִּיסְט גְלַייךְ מִיט זֵייא ;
דֶער פֶערְשְׁטַאנְד
אִין לַאנְד
װֶעט שְׁטַייגֶען זֶעהר הויךְ
אוּנ גְלַייךְ
מִיט אַייךְ
הָאבּ אִיךְ מַיין רֶעכְטֶע אויךְ .

אָה !

לְסוֹף װֶוען אֵייָראפַּא אִיז גֶעבִּילְדֶעט
עֶס קְלִינְגְט דִיא װֶעלְט מִיט אִיהר .
װֶערְט זִיא פְּלוּצְלוּנְג זָא פֶערְוִוילְדֶעט
שְׁטֶעהט אוֹיף גֶעגֶען דִיר .

2.

וָואס זֶעה אִיךְ דִיר יִשְׂרָאֵל !
פֶערְצְוֵייפֶעלְט בִּיזְט דוּא מִיר ;

קַיין קָרוֹב אוּנ קַיין גוֹאֵל
פֶערְוַואַרְפְט אַוָואַרְט פַאר דִיר .
דִיא , „נַייעֶ צַייט" [1]
זִיא שְׁרַייט :
„בִּיסְט צוּפִיל אִיבֶּערַאל" !
דֶער „דָור" [2]
שְׁרַייט גָאר :
„דוּא שְׁטֶעלְסְט בְּדִילֵי דַל" !
אוּמֶעטוּם אַנְטִיסֶעמִיטֶען ,
יֶעדֶער הַאלְט זַיין שְׁפִּיז . . .
אוּנ דוּא שְׁטֶעהסְט אִין מִיטֶען ,
פְרֶעגְסְט „וָוארוּם דָאס אִיז ?"
גֶעהָאפְּט הָאסְט דוּא
אוֹיף דִיא רוּה
פוּן דִיא צִיוִוילִיזַאצְיָאן :
אִיהר שַׁיין
וֶועט אַרַיין
וֶועט זִיא דִיר גוּטֶעס טָאהן . . .
אָה !
לְסוֹף וֶוען אֵייראָפַּא אִיז גֶעבִּילְדֶעט ,
עֶס קְלִינְגְט דִיא וֶועלְט מִיט אִיהר ,

1) נאָוואָיע וורעמיאַ 2) ווייעק

וֶוערְט זִיא פְּלוּצְלוּנְג זָא פֶערְווִילְדֶעט .
שְׁטֶעהט אוֹיף גֶעגֶען דִיר . . .

3.

דוּא הָאסְט אַן אַלְטֶע עֵצָה
אִין לֵייד וָואס דוּא זָאהלְסְט מְהָאן ,
בֵּייגְסְט נוּר אַיין דִיא פְּלֵייצֶע
וֶוען וֶועהלֶען (הְוַואלְיֶעס) קוּמֶען אָן
דֶער וֶועהל
וֶועט שְׁנֶעל
אוֹיף דִיר אַרִיבֶּער גֶעהְן ;
בֵּייג אוֹיף
דַיין גוּף
בְּלַייבְּסְט דוּא וִוידֶער שְׁטֶעהְן .
דָאס אִיז דַיין רְפוּאָה
וָואס דָאקְטָאר תַּלְמוּד הֵייסְט :
אִין צָרוֹת אַ יְשׁוּעָה
אִין פִינְסְטֶערְנֶעס אַ טְרֵייסְט .
אָבֶּער דֶערְצוּ
מוּזְט דוּא
גְלוֹיבִּיג זַיין בִּיז גָאר
אוּנ אַבְּלִיק צוּרִיק
דַיין גֶעשִׁיכְטֶע וִויסֶען קְלָאר .

אָה !

אָבֶער צַייט דוּא לָאזְט דַיין גְלויבֶּען
דַיין הִיסְטָארְיֶע וֵוייסְט דוּא נִישְׁט ,
וֶוערְט דִיר דוּנְקֶעל אִין דִיא שׁוֹיבֶּען
אוּנ דָאס הַארְץ פַאר וִויסְט .

4.

הָאסְט מַיין פָאלְק אַפֶּעהלֶער ,
אַוַואהנְזִין אִין דַיין קָאפּ :
וִויא נוּר דִיר וֶוערְט הֶעלֶער
וַוארְפְּסְטוּ אַלְץ אַרָאפּ ;
דוּא זוּכְסְט ,
פַארְקְרִיכְסְט
אִין פְּרֶעמְדֶע וֶועגֶען בְּלִינְד :
דַיין „אִיךְ"
אוֹיף גִיךְ
פֶערְלֵייקֶענְסְטוּא גֶעשְׁוִוינְד .
וָואס טְהוּט דִיא הַשְׁגָחָה
וֶועלְכֶע וִוינְשְׁט דִיר גוּטֶס ?
שְׁפְּרִינְגְסְט אַרוֹים פוּן סָאכֶע
קְרִיגְסְטוּא גְלַייךְ אַשְׁמִיץ . . .
אַזוֹיא פִּיהְרְט

דײַן הירט
מיט דיר פון אײביג אָן;
דאָס האַלט
מיט געוואַלד
דויערהאַפט דײַן נאַציאָן.

אָה!
פּרוב מײַן פֿאָלק, אַלע אין אײנעם
האַלטען שטײַף דײַן פֿאָהן,
װעסטו זעהן אויב דײַנע שכנים
קענען דיר שלעכטעס טאָהן.

5.

דער ערסטער פון דײַן אומה 1)
האָט געריסען פון שטאָט צו שטאָט
געלערינט מענשען קרומע
צו גלויבען אין אײן גאָט.
דער אַסענס
פון מענש
האָט ער דיר דאָן געשטעלט
און געשעצט
צו לעצט

1) אברהם אבינו

בְּלַייבְּסְט דוּא אוֹיף דער וועלט .
דוּא בִּיזְט זֵייעֶר זֵיידֶע
גֶעבָּאהרֶען אִין דַיין שׁוֹים ,
דִיא צְווייא רֶעלִיגִיעֶם , בֵּיידֶע
שְׁטַאמְט פוּן דִיר אַרוֹים .
מִיט דֶער צֵייט
וֶועלֶען לַייט
בֶּערֶעכֶענֶען בַּיי זִיךְ :
וִויא שְׁלֶעכְט
אוּם רֶעכְט
מֶען הָאט בֶּעהַאנְדֶעלְט דִיךְ ;

אָה !

וִויא דוּא בִּיזְט גֶעוֶוען אַקָרְבָּן
פַאר בִּלְבוּלִים אָן אַשִׁעוּר
אוּנ וָואס דוּא בִּיסְט עֶטְוָואס פַארְדָארְבֶּען
לִיגְט דִיא שׁוּלְד נִיט אִין דִיר .

6.

וֶוען כַּשְׂדִים אוּנ מִצְרַיִם
פֶערְאַכְטֶען דִיר דַיין וֶוערְד ,
וֶוען בָּבֶל אוּנ פַּרְסַיִם

שְׁטִירְצֶען דִיר צוּ דְרֶעְרְד ;
וָוען רוים
הָאט שוין
דַיין טֶעמְפֶּעל אוֹיךְ פַארְבְּרֶענְט ;
דַיין גַייסְט
דַיין טְרַייסְט
הָאט מֶען דְרִיקֶען נִיט גִיקֶענְט .
עֶס קוּמֶען חַשְׁמוֹנָאִים
פַארְפֶעסְטֶען דַיין נַאצְיָאן ,
עֶס שְׁטֶעהֶען אוֹיף תַּנָאִים
פַארְשְׁטַייפְט דַיין רֶעלִיגְיָאן .
קַיין קויל
פִּיסְטויל
פֶערְשְׁוַואכְט נִיט דַיין גֶעפִיהל .
דוּא לֶעבְּסְט
אוּנ שְׁטְרֶעבְּסְט
צוּא דַיין גְרוֹיסֶען צִיעל .
אָה !
מֶעגְסְט מִיט פְרֵייד דִיא קְנִיפְּלַאךְ צֶעהלֶען
פוּן דַיין לֶעבֶּענְס שְׁטְרִיק ,
אַז דִיא וָואס שִׂיסֶען אִין דִיר קוילֶען
שְׁפְּרִינְגְט זֵייא אָפּ צוּרִיק .

7.

מִיט דִיר פִיהרְט זִיךְ דִיא טֶבֶע
וִויא מִיר בַּיין דְרֶעשֶׁען שְׁטֶעהן:
מִיא זֶעהט עֶס פְלִיהט דִיא פְלֶעוֶוע
דִיא תְבוּאָה בְּלַייבְּט זִיךְ רֵיין —
עֶס דְרֶעהט,
עֶס וֶועהט,
עֶס פַאלְט אַרוֹיף, אַרָאפּ;
דִיא שְׁמוּטְץ
נִיט גוּטְץ
פַאלְט פוּן שׁוּפֶעל אָפּ. . .
אַז דֶער אִיד גֶעהמְט זִיךְ דִיא מָאדֶע
דִיא שְׁכֵנִים נָאךְ צוּא גֶעהן,
קוּמְט בַּאלְד אַפֶּערִיָאדֶע
וָואס טְרֵייסִילְט אוּנ מַאכְט רֵיין,
דֶער רַייז
דֶער שְׁפַּייז
פַאלְט צוּרִיק אִין שׁוּים.
אָה!
שְׁוֶוער מַיין פָאלְק אִיז דִיר דִיא וַויילֶע
לַיידְסְט אוּנ וֶוערְסְט פַארְשְׁלַאפְט,

דֶער פַאר דַיין זְרִיעָה וֶועט נִיט קַאילֶע
בְּלַייבְּסְט רַק דוֹיעֶרְהַאפְּט .

8.

אוּנ דָאס וָואס וֶוערְט פֶערְשְׁפְּרוּנְגֶען
פוּן שׁוּפִיל אוֹיף דְרֶערְד ,
אִיז דֶערְפוּן גֶעדְרוּנְגֶען
אַז דָאס הָאט שׁוֹין קַיין וֶוערְד .
וֶוער פַיין
מֶעג זַיין
אִין גְרֶעסְטֶען אוּמְגְלִיק , ·
עֶס בְּרוּמְט
אוּנ קוּמְט
אִין שׁוּפֶעלֶע צוּרִיק .
אַז ס'מְטְרֶעפְּט אֵיינְס פוּן מִילְיָאנֶען
אַ קֶערֶענְדִיל פַאלְט אַרָאפּ ,
מֶעגְט אִיהר זִיכֶער בֶּעקָאנֶען
אַז וַוייט פְּלִיהט עֶר נִיט אָפּ
פוּן נוֹיט
פַאר בְּרוֹיט
הָאט עֶר דָאס גֶעטָאהן.
טְהוּט גוּטְ׳ס

בְּרֵיינְגְט נוּטְץ
זַיין אַלְטֶע נַאצְיָאן .

אָה !

אִיהר וָואהלְט זַיין נָאמֶען נִיט בֶּערוּיבֶּען
עֶר אִיז פוּן אוּנְז אַגְלִיד
עֶר קֶען זַיין אִין אַן אַנְדֶער גְלוֹיבֶּען,
דָאךְ בְּלַייבְּט עֶר אַ אִיד. !

9.

טוּא זַיי-וְשֶׁע מַיין פָאלְק מוּנְטֶער
לָאז נִיט אָפּ דִיא וָואג,
דִיא נַאכְט גֶעהט בַּאלְד אַרוּנְטֶער
עֶס קוּמְט דִיר אָן דַיין טָאג
עֶס בַּייט
דִיא צַייט
זִיא שְׁטֶעהט נִיט אוֹיף אֵיין שְׁטֶעל ;
נָאךְ לֵייד
קוּמְט פְרֵייד
אוּנ שַׁיינְט דִיר ווִידֶער הֶעלל .
אִין דַיין גְלִיק, דֶער גְרֶעסְטֶער
הָאט אַ הָמָן נִיט גֶעפֶעהלְט

און בַּאלְד שַׁייְנְט אוֹיף אַ אֶסְתֵּר
וָואס מַאכְט דִיר פְרַיי דַיין וֶועלְט,
זַיין סוֹף
זַיין שְׁטְרָאף
בֶּעקוּמְט דִיעזֶער אוֹיךְ.
און דוּא
הָאסְט רוּה
און שְׁטַייגְסְט וְויא מָרְדְכַי הוֹיךְ:

אָה!

וֶוען פוּן הָמָן'ס פַאלֶען בְּלֶעטֶער
עֶס וַוארְפְט זַיי הֶער און הִין
פִירְכְטֶעסְט דוּא נִיט פַאר שְׁלֶעכְט וֶועטֶער
דוּא בְּלַייבְּסְט אֵייבִּיג גְרִין!



# פַארְבְּלָאנְדֶזֶעט פוּן וֶועג !

אָדער

## אוֹיף דַיין אַלְטֶען וֶועג .

1.

שוֹין צַייט מַיין פָאלְק ! זָאלְסְט עֶפֶענֶען דִיא אוֹיגֶען
וִויא דַיין פַּרְנָסָה, הָאט קַיין בֶּעשְׁטַאנְד
דוּא מוּסְט נָאךְ אִין הַאנְדֶעל , דַיין שָׁאוֶועסְט פַארְבּוֹיגֶען
אוּנ אַנִיכְטְס בְּלַייבְּט דִיר אִין דֶער הַאנְד .
דַיין שֵׁיינְקֶל דַיין קְרֶעמְל דַיינֶע אַלֶע פַּרְנָסוֹת
פֶערְדוּלְט דִיר פֶערְשְׁוַואכְט דִיר דַיין קָאפּ ,
קְרִיכְסְט אוֹיף אַלֵייטֶער וָואס הָאט קַיין מַמָשׁוֹת
אוּנ צְוַואנְצִיג מָאל פַאלְסְט דוּא אַרָאפּ .
פוּן דַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען ,
בְּלַייבְּסְט דוּא אָן קְרֶעפְטִין
גְרָאה אוּנ אַלְט וֶוערְסְט דוּא פוּן זֵייא
עֶס בַּייטִין זִיךְ דִיא סְצֶענֶעס
מִיט טוֹיזֶענְד פֶּערֶעמֶענְיֶעס
קַאמֶעדְיֶעס , טְרַאגֶעדְיֶעס אַלֶערְלֵייא .
פוּן דַיין סָאוֶועסְט אִין הַארְצֶען
לַיידְסְט דוּא זֶעלְבְּסְט שְׁמֶארְצֶען

דֶען פַּאר עֶס גֵייט קֵיין תְּירוּצִים נִישְׁט אָן
עֶר קוּקְט אִין דִיא בִּיכֶער ,
אוּנ וְוייסְט גַאנְץ זִיכֶער
וָואס בֶּעטַייט סְפֶּעקוּלַאצְיָאן — ;
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם , גִיבּ לַייטֶען אַפְּרֶעג ;
הָאסְט , מַיין פָאלְק , גַאנְץ וַוייט פֶּערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג !

2.

שׁוֹין צַייט מַיין פָאלְק , דוּא זָאלְסְט שׁוֹין דֶערְקָאנֶען
דֶער גְלִיק אִין וָואס עֶס בֶּעשְׁטֵייט ,
נִיט לוּקְסוּס , נִיט קְלוּבֶּען , נִיט פֶּערְגֶעְנִיגֶען מִילְיָאנֶען
אוּנ דִיא קָאפּ וְויא אַ וַואסֶער–מִיהל דְרֵייט ;
צוּ קָאן מֶען בַּייא דִיר הָאץ אֵיינֶעם גֶעפִינֶען
פוּן אַרְמֶען בִּיז דֶעם גְבִיר ,
עֶס זָאהל זַיין בֶּערוּהִיגְט זַיין הַארְץ אוּנ זַיין זִינֶנֶען
קַיין זָארְג זָאהל נִיט קְלַאפֶּען אִין טְהִיר .
וְויא גוּט אִיז דֶעם בּוֹיעֶר ,
גֶעזוּנְד שְׁטַארְק אוּנ דוֹיעֶר ,
אֵיינְפַאךְ גֶעגֶעסֶען גֶעקְלֵיידְט .
וְוייס קֵיין קְלַאפָּאטֶען
פוּן בֵּיינְק , פוּן אָטְצָאטֶען
בְּרוֹיט אַף אַיָאהר אָן גֶעגְרֵייט .

זַיין שְׁלָאף אִיז אַזִיסֶער
זַיין וֶועטֶער אַפְרִישֶׁער
זַיין סָאווֶועסְט גְרִיזֶעט אִיהם נִישְׁט ,
ווִיא אַזֵייג קִינְד אַ גוּטֶער ,
שְׁלָאפְט בַּייא דֶער מוּטֶער
זֵייגְט בַּייא דִיא עֶרְד אִיהרֶע בְּרִיסְט .
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם , גִיב לַייטֶען אַפְרֶעג !
הָאסְט , מַיין פָאלְק , גַאנְץ וַייט פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג !

3.

שׁוֹין צַייט מַיין פָאלְק ! דוּא זָאהלְסְט בַּייא זִיךְ ווִיסֶען ,
ווִיא וַייט מֶען הָאט דִיר גֶעמַאכְט בְּלִינְד ,
מִיא הָאט דִיר בַּיין חוּרְבָּן פוּן דֶער עֶרְד אָפּ גֶערִיסֶען
גֶעהֵייסֶען דִיר לֶעבֶּען פוּן ווִינְט ;
דָאס הָאט מֶען בֶּערוֹיבְּט דַיין רוּהִיגֶען לֶעבֶּען
מִיט צְוֵוייא טוֹיזֶענְד יָאהר צוּרִיק ,
אַז דַיין קֶערֶענְדִיל הַאפְּסְט דוּא פוּן שְׁווִינְדֶעל פוּן שְׁוֶועבֶּען
אוּנ שְׁפִּירְסְט נִיט דֶעם גְרוֹיסֶען אוּמְגְלִיק .
אַף דַיין עֶרְד גֶעזֶעסֶען ,
דַיין מִיה גֶעגֶעסֶען ,
דַיין ווַייטְץ , אוּנ דַיין פְּרוּכְט , אוּנ דַיין וַויין .
זִיא הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען ,

אַלֶעס וָואס צום לֶעבֶּען
וויא קָאן מֶען גְלִיקְלִיכֶער זַיין ?!
אַ עֶקָאנָאמִישֶׁען סֵדֶר
אִין עֶסֶען, אִין קְלֵיידֶער
קֵיינֶעם אִין גֶעלְט נִישְׁט בֶּערִירְט.
עֶם דְרֵייט נִיט דֶער זִינֶען,
פוּן וֶועקְסֶעלַאךְ טֶערְמִינֶען,
אוּנ קֵיינֶעם נִישְׁט בַּאנְקְרָאטִירְט.
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם גִיבּ לַייטֶען אַפְּרֶעג!
הָאסְט, מַיין פָאלְק, גַאנְץ וַייט פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג!

4.

שׁוֹין צַייט מַיין פָאלְק, דוּא זָאלְסְט שׁוֹין דֶער קָאנֶען,
וָואס דַיין תּוֹרָה הָאט פוּן דִיר בֶּעגֶערְט,
פוּן אָנְפַאנְג בִּיז עֶנְדֶע אִיז זִיא פוּל זַאקָאנֶען
וָואס צוּא דִיא עֶרְד נָאר גֶעהֶערְט;
פוּן שְׁמִיטָה, פוּן יוֹבֵל, פוּן מַעַשְׂרוֹת, בִּכּוּרִים
פוּן עָרְלָה, פוּן פֵּאָה, פוּן דְמַאי,
צוּא הָאסְטוּ פוּן אִיהר וֶוען גֶעהֶערְט דִיא דִבּוּרִים.
פוּן קְרָאם, פוּן שֵׁיינְק, פוּן מֶעקְלֶערַייא?
זִיא נָאר וֵויים רִיכְטִיג,
פַאר דִיר וָואס אִיז וִויכְטִיג,

עֶרְד-מִיה אִיז דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער צִיעל .
דָאס קְרֶעפְּטִיגְט דֶעם כֹּחַ ,
בֶּערוּהִיגְט דֶעם מֹחַ ,
עֶהְרְלִיךְ , אוּנ כָּשֵׁר אוּנ שְׁטִיל .
אִין תַּלְמוּד וֶועה פְּלָאִים
וִויא גַאנְץ סֵדֶר זְרָעִים
רֶעדְט פוּן עֶרְד אַרְבֶּעטֶעַרייא .
אוּנ וֶוען דוּא הָאסְט גֶעהַאלְטֶען
דִיא צַוָואָה פוּן אַלְטֶען
הָאסְט דוּא גֶעלֶעבְּט גְלִיקְלִיךְ אוּנ פְּרַייא .
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם , גִיבּ לַייטֶען אַפְּרֶעג ,
הָאסְט , מַיין פָאלְק , גַאנְץ וַוייט פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג !

5.

שׁוֹין צַייט מַיין פָאלְק , דוּא זָאלְסְט שׁוֹין בֶּעטְרַאכְטֶען ,
וִויא דוּא הָאסְט גָאר אַגַאנְץ פַאלְשֶׁען בְּלִיק ,
דֶעם דָארְפִישֶׁען לֶעבֶּען ווִילְסְט דוּא פֶערְאַכְטֶען
אוּנ מֵיינְשְׁט אַז אִין שְׁטָאדְט אִיז אַ גְלִיק ;
דוּא בִּיסְט שׁוֹין אִין לוּקְסוּס צוּא וַוייט פֶערְקְרָאכֶען
עֶס הֶעלְפְט נִיט קַיין שְׁרַייבֶּען קַיין רֵייד ,
אַן אַרֶעמֶעס קִינְד , וָואס טְרָאגְט בָּאבּ אִין דֶער וָואכֶען
גֵייט שַׁבָּת אִין זַיידֶענֶס גֶעקְלֵיידְט .

פון כַּלָה'ס גֶעמֵיינֶע
טְרֶעפְּסְט דוּא נִישְׁט אֵיינֶע
עֶס זָאהל פֶעהלֶען אַוַויים – אַטְלֶעס קְלֵייד
אוּנ אַף דִיא בוּלְוַוארֶען
שְׁלֶעפֶּען זִיךְ שַׁארֶען
פוּן סַאמֶעט מִיט אַטְלֶעס גִינֵייט.
דָאס פֶערְשְׁוַואכְט זֵייא דִיא כַּחוֹת
פַאר דְרֵייט זֵייא דִיא מֹחוֹת
אַבִּיא גֵיין גֶעפּוּצְט אוּנ גֶעצִירְט,
אוּנ דַיינֶע שׂוֹנְאִים פוּן וַוייטֶען,
שְׁרַייעֶן פַאר לַייטֶען,
בִּיזְט רַייךְ, אוּנ הָאסְט זֵייא עֶקְסְפְּלַאטִירְט.
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם, גִיבּ לַייטֶען אַפְּרֶעג,
הָאסְט, מַיין פָאלְק, גַאנְץ וַוייט פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג!

6.

שׁוֹין צַייט מַיין פָאלְק, דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעסֶען
פוּן דַיין גָלוּת דֶעם אֱמֶת'ן „דֶערוּם"
וִויא קָאן זַיין אַלַאנְד מִיט שְׁטֶאט דוּרְךְ בֶּעזֶעסֶען.
נִישְׁט הָאבֶּען קַיין פֶעלְדֶער הֶערוּם?
וִויא קָאן דֶען אַפָאלְק אוֹיף דֶער וֶועלְט עֶקְסִיסְטִירֶען
אָן עֶרְד אַרְבֶּעטֶערַייא,

דערום איז פערשטיינערט דאס הארץ ביי די גבירים,
דען העלפט פאלק לעבט פון בעטלעריי.
יעדערע נאציע,
האט קאלאניזאציע
זיבעציג פראצענט לעבט דערויף
קאם איינינע פראצענטען,
לעבען פון טאלענטען,
אדער פון פראדוקטען פערקויף;
און דאס איז די פריצינע
וואס אין יעדער מדינה
מוסט דוא זיין צו זייט און צו שפרייט.
דען וויא קאן דען אזויא א אומה
האבען א תקומה
אז זיא האט ניט־קיין פעלדער פארזייט;
טוא קוק זיך ארום, גיב לייטען א פרעג,
האסט, מיין פאלק, גאנץ וייט פערבלאנדזעט פון וועג!

7

שוין צייט מיין פאלק, אז דוא זאלסט פערשטעהן,
וויא די בילדונג איז אונז זא בעקאנט
א ריכטיגער פארשטעהער פאר דיינע ברידער צוא זיין,
וויא די געלערנטע פון אמאליגע צייט;

„אַלחַרוּזִי“ „אֶבֶן עֶזְרָא“ „ר׳ יְהוּדָה הַלֵוִי“ דֶער פָּאעֶט
פוּן „רמב״ם“ בִּיז „אַבַּרְבְנֶא״ל“
פוּן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער גֶעטָאן. גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ גֶערֶעט,
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען מִיטִין לַייבּ אוּנְד זֶעעל;
הַיינְטִיגֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע, בְּרִידֶער!
אָבְגֶערִיסֶענֶע גְלִיעדֶער,
גֶעפִינֶען מִיר אַגְרוֹיסִין פְּרָאצֶענְט
פוּן זֵייעֶרֶע פָּאלְקְס אִידֶען,
זַיינֶען זֵייא זָא צוּ פְרִידֶען
אַז זֵייא וָואלְטֶען דֶעם אָרְט גֶעבְּרֶענְט.
בַּייא דֶעם אַנְטִיסֶעמִיט דֶעם קְלָארֶען,
דֶעם בֶּעוואוּסְטֶען „סוּבָארִין“.
וָואס נִיט אֵיין בְּרוּדֶער אִיז בַּייא אִים קָארָאסְפָּאנְדֶענְט.
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם, גִיבּ לַייטֶען אַפְרֶעג,
הָאסְט, מַיין פָּאלְק, גַאנְץ וַוייט פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג.

8.

שׁוֹין צֵייט מַיין פָּאלְק, אַז דוּא זָאלְסְט דֶער קֶאנֶען,
דַיינֶע טֶעכְטֶער בִּילְדוּנְג אִין שְׁטַאט,
צוּא הָאבֶּען מִיר אַהָאפֶענוּנְג פוּן זֵייא צוּא קְרִיגֶען
אַזוֹינֶע מוּטֶערְס וִויא מִיר הָאבֶּען גֶעהַאט;
אַ „יָעֵל“ אַ „דְבוֹרָה“ אַ „יְהוּדִית“ אַ „אֶסְתֵּר“

דִיא הִיסְטָארְיֶע אִיז דָאךְ בֶּעקַאנְט אִיבֶּעראַלל ,
דָאס אִיז דֶעם אִידֶענְס רִיכְטִיגֶע גֶעטְרַייע שְׁוֶועסְטֶער
גֶעאָפְּפֶערְט דֶעם לֶעבֶּען פַאר דֶעם כְּלַל .
אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער אָבֶּער ,
שְׁטֶעכְט זַייא דֶער הָאבֶּער ,
וָואס אִיז דִיא עֶפִּיל פוּן בּוֹים וַוייט נִיט פַאלְט .
זַייא ווִילֶען נִיט קָאנֶען ,
דֶעם אִידֶענְס נָאמֶען ,
זַיין שְׁפְּרַאךְ , זַיין הִיסְטָארְיֶע , אִיז אִיר אַלְט :
בַּייא אַשִׁידוּךְ אִיז קַיין מַעֲלָה ,
דֶעם הוֹיפְּט חָתָן'ס מַעֲלָה ,
אַז עֶר הָאט נִיט קַיין אִידֶעשׁ גֶעשְׁטַאלְט ,
מוּא קוּק זִיךְ אַרוּם , גִיבּ לַייטֶען אַפְרֶעג ,
הָאסְט , מַיין פָאלְק , גַאנְץ וַוייט פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג .

9.

שׁוֹין צַייט מַיין פָאלְק , אַז דִיר זָאל אִין זִינֶען לִיגֶען ,
ווִיא דַיין פִּיהרוּנְג אִיז זֵייעֶר קְרוּם ,
אַהֵיילִיגֶע תּוֹרָה הָאט דִיר גָאטט גֶעטָאן שֵׁיינְקֶען
אוּנ דוּא פַאר פוּשֶׁערְסְט אִיהר , דוּא מֵיינְסְט אַז דוּא בִּיסְט פְרוּם ;
„הִלֵל הַנָשִׂיא" הָאט גֶעלֶערִינְט דֶעם גֵר
דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה אִין וָואס זִיא בֶּעשְׁטֵייט ,

— וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ — אוּנ בְּרוּדֶער נִישְׁט מֶער
אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע אַפֵּירוּשׁ אוֹיף דֶעם גֵייט .
אוּנ דוּא הָאסְט דֶעם עִיקָר גָאר פַאר בּוֹיגֶען
אוּנ דַיין חָבֵר מַאכְסְט דוּא שְׁמֶערְצֶען אוּנ פַּיין
דוּא וַואסְט דִיא הֶענְד ,
אוּנ רֶעכִינְסְט דֶעם פְּרָאצֶענְט
אוֹיף יֶענֶעמְס הַאטְקֶע , וִויא קְרִינְט מֶען אַרַיין
שִׂמְחַת תּוֹרָה , דִיא הַקָפָה ,
דֶעם אָרְמֶען שָׁכֵן אַ הוֹסָפָה
אוּנ דוּא דֵיינְקְסְט נָאךְ אַז דוּא בִּיסְט כָּשֵׁר אוּנ פַיין ,
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם , גִיב לַייטֶען אַפְּרֶעג ,
הָאסְט , מַיין פָאלְק , גַאנְץ וַוייט פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג .

10.

שׁוֹין צַייט מַיין פָאלְק , אַז דוּא זָאלְסְט בֶּעקְלֶערֶען
וָואס פַאר אַפִּינְשְׁטֶערֶער שָׁכֵן דוּא בִּיסְט ,
דִירָה גֶעלְט צָאהלְסְטוּ גַאנְץ פִיעל אוּנ גֶערִין
אוּנ דַיין טֶעפִּיל צוּם פַייעֶר צוּא שְׁטֶעלֶען לָאזְט מֶען דִיר נִיט ;
אַז עֶס הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גֶעפוּנֶען , פַאר דִיר גוּטֶע פְּרַיינְד
דִיר בִּיסְלַאךְ וַוייס צוּא שְׁטֶעלֶען אוֹיף אַ שְׁטַאנְד ,
„מוֹנְטִיפְיָארֶע" עָלָיו הַשָׁלוֹם , הַנָדִיב הַיָדוּעַ הַיינְט
צוּא בֶּעזֶעצֶען דִיר אוֹיף דַיין אֵייגֶענֶע לַאנְד .

וואו דיין האב און גוט ,
דיין מארך און בלוט ،
געפינט זיך דארטען אויף יעדען טריט
פרעמדע זיך אינטערעסירען
צום גליק דיר צוא פיהרען
און דיר אליין אינטערעסירט עס גאר ניט ,
אונזערע גבירים באנקירען ,
מיא פארלאנגט פון אייך ניט ריהרען ,
נאר אייער מיינונג און קאפיקע גיט .
טוא קוק זיך ארום , גיב לייטען אפרעג ,
האסט , מיין פאלק , גאנץ ווייט פערבלאנדזעט פון וועג .

11.

שוין צייט מיין פאלק ! דוא זאלסט זיך דער מאנען ,
אן דיין וויגעלע , דיין געבאהרענעם לאנד ,
מאך איהר פאר ישוב , בעזעטץ דארט קאלאניען ،
בעארבייט איהר זעלבסט מיט דיין האנד .
זיא איז פרוכטבאר און פעט מיט אלע יונגע קרעפטען
צוייא מאהל א יאהר ווערט געזייט ;
הכנסה טראגט זיא וויא דיא בעסטע געשעפטען ,
און רוהיג , דיא קאפ נישט פאר דרייט ;
דער אקלים אגעזונטער ,

מַאכְט פְּרִישׁ אוּנ מַאכְט מוּנְטֶער ,
קַיין בְּרוּסְט לַיידֶענְדֶע טְרֶעפְּסְט דוּא דָארְט נִיט ;
פַאר זַייעֶ נָאר אִיהר בָּאדֶען ,
פַאר פְלַאנְץ אִין אִיהר סָאדֶען ,
טְרָאגְט זִיא דֶעם גְרֶעסְטֶען פְּרָאפִּיט .
דַארְפְסְט זִיךְ וֵוייניג בֶּעמִיהֶען
מִיט שָׁאף צוּ עֶרְצִיהֶען ;
דִיא פֶעלְד אִיז גְרִין דֶעם גַאנְצֶען יָאהר ,
אוּנ אַז פְּרָאדוּקְט אִיז פַארַאנֶען
אוּנ עֶס שְׁטְרוֹיעֶן זִיךְ בַּאהָנֶען
דַאן שְׁטַייגְט אוֹיךְ קָאמֶערְצְיֶע אִין פְלָאר .
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם, גִיבּ לַייטֶען אַפְּרֶעג ,
הָאסְט, מַיין פָאלְק, גַאנְץ וַויית פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט פוּן וֶועג !

12.

שׁוֹין צַייט מַיין פָאלְק, אַז דוּא זָאלְסְט אוֹיף דַיין הַארְצֶען פַארְשְׁרַייבֶּען .
וָואס אֵייְרָאפַּא הָאט אִיבֶּער דִיר צוּטָאן :
גְזֵירוֹת, בִּלְבּוּלִים , רוֹיבֶּען אוּנ טְרַייבֶּען
אוּנ אַלֶץ מִיט אִיהר צִיוִוילִיזַאצְיָאן .
דֶער הַאנְדֶעל אִיז פַאלְשׁ אוּנ עֶגָאִיסְטֶעשׁ ,
אִין אִיהם זִיצְט אַרוֹיבֶּער גֶעפִיהל ;
דִיא גְרֶעסְטֶע רְצִיחוֹת מִיט יוֹשֶׁר פֶערְמִישְׁט עֶס

שֶׁעכְּט מֶענְשֶׁען אֵיידֶעל אוּנ שְׁטִיל ...
דַיין נַאטִירְלִיכֶע פַאנְטַאזִיֶע
שְׁטִימְט נוּר מִיט אַזְיֶע ;
דָארְט שְׁווִימְסְט דוּא אִין דַיין גֶעבָּאהרֶענֶען טַייךְ ...
דִיא לוּפְט , דִיא אַטְמָאסְפֶערָא ,
דַיין בִּילְדוּנְג , דַיין לֶעהרֶע
וֶועט גִיעמַאלְס מִיט הַאנְדֶעל שְׁטֶעהן גְלַייךְ —
דִיעזֶע צְוֵייא נֶעמֶען
זַיינֶען צְוֵייא עֶקְסְטְרֶעמֶען ,
פִיר דִיר אִיז אִין הַאנְדֶעל קֵיין אָרְט ,
דֶעם הַאנְדֶעל לָאז אִיבֶּער ,
אוּנ קְלַייבּ זִיךְ אַרִיבֶּער ,
וואוּ דַיין צוּקוּנְפְט עֶרְוַוארְטֶעט דִיר דָארְט —
טוּא קוּק זִיךְ אַרוּם , גִיבּ לַייטֶען אַ פְּרֶעג ,
צוּרִיק , מַיין פָאלְק , צוּרִיק אוֹיף דַיין אַלְטֶען וֶועג !



# צוּא דִיא שְׁטֶערֶען

אָדער

## פוּן הִימֶעל צוּ דְרֶ'עֶרְד.

### 1.

אויף אַייךְ שְׁטֶערֶען, גֶעהט בַּייא אוּנְז אַזַאגֶע,
אַז יֶעדֶערֶער פוּן אַייךְ, אִיז אַגַאנְצֶע וֶועלְט:
מִיט יַמִים, יַבָּשָׁה, מִיט גֶעכְט אוּנ טַאגֶע,
אִיהר זַייט מִיט מֶענְשֶׁען, אויךְ בַּאזֶעצְט;
אַייךְ זֶעהן, בֶּעטְרַאכְטֶען, וֶוען אִיךְ וָואלְט קֶאנֶען
צוּ הָאט אִיהר אויךְ פֶּעלְקֶער, מִיט אוּנְזֶער עֶרְד צוּ גְלַייךְ,
אָדֶער אִיהר וַוייסְט נִיט, פוּן פֶערְשִׁיעדֶענֶע נַאצְיָאנֶען
אָה, גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען! וִויא וואויל אִיז אַייךְ!

בַּייא אוּנְז אויף דְרֶ'עֶרְד:

פְרִיעדֶען, שְׁטִיל
וִויא מֶען וִויל,
גִיבְּט גָאר נִיט אִין לַאנְד.
מִילִיטֶער
וָואס מֶעהר,
אִימֶער דֶעם שְׁוֶוערְד אִין הַאנְד!

עֶנְגְלַאנְד מִיט אִינְדְיַאנֶער
שׂוֹנְאִים פוּן דֶער וִויעג ׳
טֶערְקֶען מִיט סְלַאוִויַאנֶער
אֵייבִּיג שְׁטְרַייט אוּנ קְרִיעג.
דֶער שְׁוֶוערְד
אוֹיף דְרֶ׳עֶרְד
רוּהְט נִיט אֵיין מִינוּט,
רַק שְׁטְרַייט
אוּנ שְׁנַייט
אַז דִיא עֶרְד פַארְזִינְקְט אִין בְּלוּט!

2.

וואוּ נֶעהם אִיךְ פְלִיגְלֶען בַּייא אַייךְ צוּא פְלִיהֶען,
וואוּ אִיהר דָארְט אִין בִּילְדוּנְג הַאלְט;
וִוילְט אִיהר זִיךְ גָאר וֶוענֶען דָעם נִיט בֶּעמִיהֶען;
אִיהר זַייט נָאךְ וִוילְד, אִין אַפֶּענְגֶעשְׁטַאלְט;
אָדֶער אִיהר זַייט שׁוֹין אַלֶעם דֶערְגַאנְגֶען,
דִיא פַארְבָּארְגֶענֶע נַאטוּר — מִיט גַייסְטֶער צוּגְלַייךְ;
אִיבֶּערַאל אִיז אַייךְ לִיכְטִיג, קַיין פָארְהַאנְג פַארְהַאנְגֶען...
אָה, גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, אַזוִיא וואוּיל אִיז אַייךְ!

בַּייא אוּנְז אוֹיף דְרֶ׳עֶרְד:

מֶען אִיז בְּלִינְד
וִויא אַקִינְד ,
מֶען ווייס קיין אָנְהֵייבּ נִישְׁט .
עֶס הָאט קַיין וֶוערְט
וָואס מֶען קְלֶערְט ,
מֶען מַאטֶערְט מַארְךְ אוּמְזִיסְט ;
וָואס אִיז דֶער לֶעבֶּענְס קְוֶועלֶע ,
וִויא דֵיינְקְט זִיךְ אִין דֶער שְׁטִיל ?
וֶוער אִיז גַייסְט אונ זֶעעלֶע ,
וָואס אִיז דֶעם מֶענְשֶׁענְס צִיעל ?
דֶער מַאשִׁין
פוּן זִינְן ,
וִויא פַּרוּימְט זִיךְ אִין שְׁלָאף ?
מֶען בְּלַייבְּט פּוּסְט
אוּנְבֶּעוואוּסְט ,
עֶס ווייס קַיין פִילָאזָאף ?

3.

אִיךְ וָואלְט וֶועלֶען זֶעהן דִיא שְׁלֶעכְטֶע גֶעזִיכְטֶער
וֶועלְכֶע מוּזֶען בַּייא אַייךְ , צוּם מִשְׁפָּט שְׁטֶעהֶען ,
וָואס אִיז דִיא עֲבֵירוֹת ? וֶוער זַיינֶען דִיא רִיכְטֶער ?
גִיעבְּט אויךְ אַנאַסְצִיטְנִיק , וָואס מַאכְט זֵייא רֵיין ?

אִיהר זַייט פִילַייכְט גֶעבֶּענְשְׁט, מִיט דִיא נַאטִירְלִיכֶע נֶאֱמָנוּת
אִיהר קוּמְט צוּנוֹיף אוֹיפְ'ן גַאס. מִיט דִיא בּוּשְׁלֶען צוּגְלַייךְ?
אוּנ רִיכְטֶער מִיט אֱמֶת, אָהן חַאבַּאר, אָהן מַתָּנוֹת,
אָה, גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, וְוִיא וואוּיל אִיז אַייךְ!

בַּייא אוּנְז אוֹיף דְרֶ'עֶרְד:

חַאבַּאר
אִיז דִיא שְׁטַאר,
וָואס זִיא אוֹיגֶען פֶערְשְׁטֶעלְט
זַייא אַדְיעבּ
נָאר גִיעבּ,
אַהֶעלְפְּט אִיהם פוּן דַיין גֶעלְט.
בֶּערוֹיבְּט, שְׁרַייֶען מַאסְסֶען,
דֶער רִיכְטֶער מַאכְט זִיךְ שְׁטוּם,
דֶער וָואס בְּרֶענְט אָפּ גַאסֶען
גֶעהט זִיךְ פְרַייא אַרוּם.
דֶער אַקְטְיָאר
פוּן רֶעוִויזָאר [1]
וֶוערְט נָאךְ גָאר נִיט אַלְט,

[1] דיא פיעסע „רעוויזאר" פון גאָגאל.

וואו מֶען גֶעהט
וואו מֶען שְׁטֶעהט
זֶעהט מֶען זַיין גֶעשְׁטַאלְט!

4.

עֶס אִיז מִיר זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְט צוּ וִויסֶען
אוֹיף וֶועלְכֶע שְׁטוּפֶע אַייעֶר בִּילְדוּנְג שְׁטֶעהט,
זַייט אִיהר פְּרָאסְט אוּנ עֶהרְלִיךְ, מִיט אַרֵיינֶעם גֶעוִויסֶען,
וִויא מִיר אַמָאהל, נָאךְ יוּנְגֶערְהֵייט;
אָדֶער אִיהר זַייט שׁוֹין, אִין פְּרָאגְרֶעס גֶעשְׁטִיגֶען,
דָאס גֶעוִויסֶען גֶעזִיטֶעט, בַּייא אַלִימֶען גְלַייךְ,
קַיין פַאלְשֶׁע הֶערְצֶער, אִיז נִיט צוּ קְרִיעגֶען?
אָה, גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, אַזוֹיא וואוֹיל אִיז אַייךְ!

בַּייא אוּנְז אוֹיף דְרֶ'עֶרְד:

דֶעם קִינְד
גֶעשְׁווִינְד,
טְרַייבְּט מֶען אִין דֶער שׁוּהל,
אוּנ דֶער אַסְטְרָאג
פוּן טָאג,
וֶוערְט נָאךְ מֶעהרֶער פוּל;
וֶוער אִין בִּילְדוּנְג גְרֶעסֶער

קוּקְט נָאר רַק פַאר זִיךְ ,
דִיא בִּילְדוּנְג שְׁלַייפְט דֶעם מֶעסֶער ,
דֶעם צְוֶוייטֶען קוֹילֶען גִיךְ .
בֶּעטְרוּג
מִיט קְלוּג
גֶעהן גְלַייךְ גֶעפָּארְט ;
וֶוער פַיין
וְויל זַיין
קְרִיגְט אוֹיף דֶער עֶרְד קַיין אָרְט .

5.

שְׁפִּילְט בַּייא אַיךְ אוֹיךְ אַרָאלְיֶע „יְחוּס"
וְויא בַּייא אוּנְז , אָט דָא אוֹיף דֶער עֶרְד ?
אַ „לָארְד" אוּנ „גְרַאף" בֶּעקוּמְט דֶער דִיא סְמִיכוּת
דֶער וָואס שְׁטַאמְט פוּן אַרַאבְּסְקֶע פֶּערְד ?
אָדֶער דֶעמָאקְרַאטֶען , מִיט אַרִיסְטָאקְרַאטֶען ,
אִיז גָאר אַייעֶר לֶעקְסִיקָאן אִין דִיא וֶוערְטֶער נִיט רַייךְ
אִיהר זַייט גְלַייכֶע יַחְסָנִים , וְויא קִינְדֶער פוּן אֵיין טַאטֶען ,
אָה , גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען , אַזוֹיא וואוֹיל אִיז אַייךְ !
בַּייא אוּנְז אוֹיף דְרֶ'עֶרְד :
דֶעם קְנֶעכְט
אִיז שְׁלֶעכְט ,

הֶפְקֵר אִיז זַיין גוּף ;
גֶעדְרִיקְט
גֶעשְׁטִיקְט ,
אוּנ מַאכְט דִיא מוֹיל נִיט אוֹיף.
פַאר שְׁמַאכְט
פַאר אַכְט
פַאר רֶעכִינְט וִויא אַפֶּערְד ;
דֶער „בַּארָאן"
דֶער „פָּאן"
צוּא אִיהם גֶעהֶערְט דִיא עֶרְד .

6.

הַאלְט אִיהר נָאךְ פִילַייכְט , וִויא אוּנְזֶערֶע עֶרְסְטֶע מֶענְשֶׁען ,
אַז אַשְׁרֶעק פוּן אַדוּנֶער אַייךְ „גְלוֹיבֶּען" עֶרְקְלֶערְט :
אָדֶער אַייעֶר שֵׂכֶל , אִיז שׁוֹין אַרִיבֶּער דִיא גְרֶענְצֶען ,
אִיהר וֵוייסְט דִיא וַוארְהַייט גָאר אוּנְגֶעשְׁטֶערְט ?
הָאט אַייךְ דָארְטֶען גָאטט , אַיין תּוֹרָה גֶעגֶעבֶּען ,
אֵיין אֶמוּנָה . אֵיין גְלוֹיבֶּען פַאר אַלֶעמֶען גְלַייךְ ?
דַאן וֵוייסְט אִיהר קַיין רֶעלִיגְיָאנְס הַאס , צַייט אַייעֶר לֶעבֶּען ,
אָה , גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען , אַזוֹיא וואוֹיל אִיז אַייךְ !

בַּייא אוּנְז אוֹיף דֶר'עֶרְד :

דֶער „וַואטִיקַאן״ 1)
בְּרֶענְט דַאן ,
מֶענְשֶׁען אִין דֶער גְלוּטְה ;
מַאחַאמֶעד
מַאכְט פֶעט .
שְׁטִיקֶער עֶרְד מִיט בְּלוּט .
מִלְחָמוֹת אָהְנֶע גְרֶענְצֶען
הָאט רֶעלִיגְיָאן הַאס גֶעבְּרַאכְט
קָרְבָּנוֹת פוּן מֶענְשֶׁען , —
אוֹיף אִיהר אַלְטַאר גֶעשְׁלַאכְט ;
מֶען שְׁרַייט
פַאר לַייט :
„אִיךְ בִּין פוּן גָאטט גֶעשִׁיקְט״
אוּנ מִיט דֶעם
הֵיילִיגֶען שֵׁם
וֶוערְגְט מֶען אוּנ מֶען שְׁטִיקְט .

.7

אִיז בַּייא אַייךְ אוֹיךְ גֶעוֶוען אַ „שֵׁם״ „חָם״ אוּנ „יֶפֶת״
וָואס דִיא קִינְדֶער פַארְגֶעסֶען זֵייעֶר שִׂנְאָה נִיט
אוּנ גֶענוּמֶען זִיךְ צוּא שֵׁם׳ען, דֶערְשְׁטִיקֶען בִּיז אַ נֶפֶשׁ

1) דעם פאפסט פאלאטץ אין רוים .

און מֶען גִיט זִיךְ אַנָאמֶען „אַנְטִיסֶעמִיט״ !
גִיעבְּט דָארְט אוֹיךְ בַּיי אַייךְ , אַזוֹיא אַ אוּמָה „אִידֶען״
וֶועלְכֶע הָאט קֵיין רוּה , וִויא דֶער שְׁפֶּענְדֶעל אִין טֵייךְ ?
אָדֶער אִיהר לֶעבְּט זִיךְ אַלֶע , אִין לִיעבֶּע און פְּרִיעדֶען ,
אָה , גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען , אַזוֹיא וואוֹיל אִיז אַייךְ !
בַּייא אוּנְז אוֹיף דְרֶ׳עֶרְד :

פוּן אַרַאם
דֶער פְּלַאם
וָואס הָאט אַבְרָהָם׳ן גֶעבְּרֶענְט ,
עֶר הִיצְט
בִּיז אִיצְט
און וֶוערְט נָאךְ נִיט פַארְלֶענְט .
וואוּ דֶער אִיד זָאהל קוּמֶען ,
גֶעפִינְט עֶר נִיט קֵיין רוּה ,
וואוּ עֶר וֶוערְט פַארְשְׁוואוּמֶען
נֶעהמְט מֶען אִיהם נִיט צוּ ;
אִיבֶּערַאלל
אַבַּאל :
מֶען וַוארְפְט פוּן הַאנְד צוּ הַאנְד ,
אַצִיעל
צוּם שְׁפִּיעל
און זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְט ...

8.

וִויא גֵייט עֶס בַּייא אַייךְ אִין דִיא הוֹיכֶע וֶועלְטֶען
בַּייא טְהִירֶע , פוֹיגֶעל , אִינְזֶעקְטֶע פִּישׁ ?
אִיז אוֹיךְ פִיעל רוֹיבּ , אִין אַייעֶרֶע גֶעצֶעלְטֶען ?
פוּן אֵיינֶעמְס מָארְד , גְרֵייט דֶער צְוֵוייטֶער אַטִישׁ ?
אָדֶער אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶּע , אִין פְרִיעדֶען לֶעבֶּען ?
אִין פֶעלְדֶער , וֶועלְדֶער , גְרִיבֶּער , אוּנ טַייךְ ,
צוּ בְּלוּט . צוּ מָארְד , זֶעהט מֶען קֵיינֶעם שְׁטְרֶעבֶּען .
אָה , גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען , אַזוֹיא וואוֹיל אִיז אַייךְ !

בַּייא אוּנְז אוֹיף דְרֶ'עֶרְד :

פוּן גֶעשְׁרֵיי
אַלֶערְלֵיי
וֶוערְט דֶער אוֹיעֶר טוֹיבּ ...
קֵיין מִינוּט
אָן בְּלוּט
נָאר אִימֶער מָארְד אוּנ רוֹיבּ .
אִין יַם אוּנ אוֹיף יַבָּשָׁה
אֵיינְס דֶעם צְוֵוייטֶען שְׁלִינְגְט ;
דֶער שְׁטַארְקֶער אוּנ דֶער רָשָׁע
דָאס בְּלוּט פוּן שְׁוַואכֶען טְרִינְקְט .

יֶעדֶען מִין
זָאגַאר דֶעם בִּינְן
בֶּעשֵׁיינְקְט „נַאטוּר" גֶעוֶועהר :
מָארְד , אוּנ טויט
אִיז פֶּערְשְׁפְּרֵייט
אִיבֶּער לַאנְד אוּנ מֶעער .

9.

הָאט אִיהר אויךְ וְויא מִיר , אַייזֶענְבַּאהנֶען ,
אַייעֶרֶע שְׁטֶעטֶען צוּשְׁנִיטֶען , אוּנ גֶעמַאכְט אַוֶועג !
אִיז דֶען לוּפְט=בַּאלָאנֶען , בַּייא אַייךְ פַּארַאנֶען
זַייט אִיהר מִיט דִיא „קוּנְסְט" שׁוֹין גָאר בַּיין בְּרֶעג ?
אוּנ אַייעֶרֶע דָאקְטוֹרִים , וָואס בֶּעזוּכֶען קְרַאנְקֶע
קוּקֶען גֶעווִיס נִיט , פוּן זַיי — וֶוערֶען רַייךְ
אוּנ זֵייעֶרֶע רְפוּאוֹת . אִיז אַלֶעבֶּענְם גֶעשַׁאנְק ,
אָה , גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען , אַזויא וואויל אִיז אַייךְ !

בַּייא אוּנְז אוֹיף דֶר'עֶרְד :
דֶער סְטוּדֶענְט
דֶער גֶעהֶמְט
צֶעהְן טוֹיזֶענְד נַבְן ,
וֶוערְט רַייךְ
קוֹיפְּט גְלַייךְ

דְרָאנְסְקָע , פֶערְד אוּנ שְׁפַּאן ;
פַארְגֶעסְט נָאךְ דֶעם עֶקְזַאמֶען
וָואס עֶר גֶעלֶערְינְט הָאט ,
פָאהְרְט אוּנ קְלַייבְּט צוּזַאמֶען
דָאס בִּיסֶעל גֶעלְד פוּן שְׁטָאדְט ;
אוֹיבּ עֶס שַׁאדְט
זַיין רַאטְה
אִיז אִיהם דֶער צַעַר נִיט גְרוֹיס ;
דֶער נֵס
אַז דֶער מֵת
זָאגְט קֵיינֶעם נִיט אוֹיס . —

10.

עֶקְזֶעסְטִירְט דֶען בַּייא אַייךְ אוֹיךְ דִיא מַטְבֵּעָה .
וָואס זִיא טִיטוּלִירְט אוֹיךְ „אֶבְיוֹן" אוּנ „גְבִיר" ?
זִיא אִיז „לַמְדָן" אוּנ „יַחְסָן" הָאט דִיא מַאכְט אוּנ דִיא דֵעָה
„אֱמֶת" אוּנ „יוֹשֶׁר" פַאלֶען פַאר אִיהְר ? ...
אָדֶער אִיהְר לֶעבְּט זִיךְ וִויא מִיר פַארְצַייטֶען ,
אִיהְר שְׁפַּייזְט זִיךְ פוּן בּוֹימֶער , פוּן עֶרְד פוּן טַייךְ ?
אִיהְר וַוייסְט נִיט פוּן צָרוֹת , וָואס „גֶעלְד" קֶען בֶּעדַייטֶען ,
אָה , גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען , אַזוֹיא וואוֹיל אִיז אַייךְ !

בַּייא אוּנְז אוֹיף דֶר'עֶרְד :

זַאקָאן
רֶעלִיגְיָאן
פֶערְקוֹיפְט מֶען אַלְץ פַאר גֶעלְט ;
טִירַאן
אָבְמַאן
פוּן דְרוֹיסֶען אִיז פַארְשְׁטֶעלְט ,
דָארְט גֵייט עֶר אִין טַלִית
אוּנ הַאלְט אָפֶען דִיא הֶענְד ,
יֶענֶער שְׁטֶעלְט בְּדַלּוֹת
מִיט זַיין גְרוֹיסֶען פְּרָאצֶענְט .
דֶער בֶּעפַאלְט
אִין וַואלְד ,
אוּנ בְּרֵיינְגְט אוּם פוּן דֶער וֶועלְט ;
דֶער צִינְדְט
אַ גֶעזִינְד
אוּנ אַלֶעס נָאר פַאר גֶעלְט . . ;

11.

וֶוען וֶועלֶען שׁוֹין קוּמֶען , דִיא גוּטֶע צַייטֶען ,
וָואס דִיא — פְּרָאפֶעטֶען — הָאבֶּען פָארְגֶעזָאגְט :
אַז מְהִיעֶרע מִיט שָׁאף , וֶועלֶען מֶעהר נִיט שְׁטְרַייטֶען
דֶער שֶׁעפְּס וֶועט נִיט זַיין פוּן וָואלְף , גֶעיָאגְט ;

קוּה , אוּנ בֶּער , גֶעשְׁפַּאנְט אִין אַוָואגֶען
אַקִינְד וֶועט פִיהְרֶען , בֵּיידֶען גְלַייךְ ,
אוּנ אִיהר שְׁטֶערְנְלַייט, וֶועט דַאמָאלְס זָאגֶען :
אָה , גְלִיקְלִיכֶע עֶרְד=מֶענְשֶׁען , אַזוֹיא וואוֹיל אִיז אַייךְ !
אוּנ דַאן אוֹיף דְרֶ'עֶרְד :
רֶעלִיגְיָאן
נַאצְיָאן
וֶועלֶען דַאן זַיין מִילְד ,
קַיין טְרֶעהר
נִיט מֶעהר
נָאר מֶענְשׁ אִין גָאטֶעס בִּילְד ,
אַ סָאבֶע, מִיט אַ קָאסֶע ,
וֶועט מֶען מַאכֶען פוּן שְׁוֶוערְד ,
עֶס וֶועט נִיט זַיין קַיין רָשָׁע
אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד ! ;
קַיין טִירַאן
קַיין אָבְּמַאן
קַיין פַאלְשְׁקַייט אִין גֶערִיכְט ,
עֶס וַוייזְט
נָאר גַייסְט
אוֹיף יֶעדֶענְס גֶעזִיכְט : ...



# מַיינֶע גֶעפִּיהלֶע.

אָדער

# דֶער אִידִישֶׁער דִיכְטֶער.

1.

אַטְעֶנָה הָאבּ אִיךְ גָאטט צוּ דִיר:
דָאס הַארְץ וָואס דוּא בֶּעשַׁאפְפְט אִין מִיר
אִיז זִיא פֶערְקְנִיפְּט
אִין דַיין פָאלְק פֶערְלִיבְּט.
וָואס דוּא צִיהסְט פוּן מִצְרַיִם אַרוֹיס,
אִיךְ זָאל עֶטְוָואס שְׁפִּירֶען,
מֶען וִויל זִיא בֶּערִיהרֶען
גִיסְט זִיא זִיךְ וִויא וַואסֶער אוֹיס.

2.

מַיין הַארְץ עֶלֶעקְטְרִישׁ קְרַאפְט הָאט
מַיינֶע נֶערְוֶוען אַטֶעלֶעגְרַאפְנֶער דְרָאט,
אֵיין בְּרֶעג אִיז אָנְגֶעטָאהן,
אוֹיף מַיין נַאצְיָאן.
דֶער צְוֵייטֶער בְּרֶעג, קוּמְט מִיר צוּם לוּנְג;
זַייא זָאלל וָואס גֶעשֶׁעהן,

אִיךְ זָאל עֶס גֶערְן צוּא זֶעהֶען ,
פְלִיהט מִיר אִין הַארְצֶען דֶער פוּנְק .

3.

קְוֶועק-זִילְבֶּער , אִיז מַיין נַאטוּר
אוּנ אִידֶען מַיין טֶעמְפֶּערַאטוּר :
וֶוען זַייא לַייכְט דִיא צַייט
דִיא זוּנְן פוּן פְרַייהַייט .
הוֹיבְּט מִיךְ אִין דֶער הוֹיךְ מַיין קָאפּ
וֶוען שְׁנֶעה אוּנ קֶעלְט
פַארְפְרִיהרְט זַייעֶר וֶועלְט ,
פַאל אִיךְ אַרָאפּ , אוּנ אַרָאפּ !

4.

אַדִיכְטֶער פוּן יֶעדֶער נַאצְיָאן
הָאט מִיט זַיין הַארְץ נִיט צוּ טָאהן :
זַיין פָאלְק זִיצְט בֶּענַאנְד
אִין אִיהר אֵייגֶען לַאנְד ,
אוֹיפְזֶעהֶער — אַלְץ פוּן אִיהר שְׁטַאם ,
דֶעם דִיכְטֶערְס גֶעפִיהלֶע
זַיינֶען אִימֶער שְׁטִילֶע ,
רוּהִיג וִויא דֶער שְׁטִילֶער יַם .

5.

בַּייא מִיר אָבֶּער גִיעבְּט נִישְׁט דֶער פַּאלְל
הַארְצְוֶוייטָאג פְּלִיסְט וִויא אַקְוַואלְל ,
אַלֶע טָאג נַייעֶ ,
קֵיין שְׁטוּנְדֶע אַפְּרַייעֶ .
נִישְׁט גוּט אִיז דֶעם „אִיד״ אוּמֶעטוּם :
דָא הִיפָּאקְרִיטֶען ,
דָא אַנְטִיסֶעמִיטֶען ,
אוּנ דָא וַוייל דָאס פָּאלְק אִיז נָאךְ דוּם .

6.

מִיךְ טְרֶעפְט נִישְׁט קֵיין פְרֵיילִיכֶע צַייט
צוּזִינְגֶען הוּמָארִיסְטִיק וִויא לַייט ;
אִין מַיין צוּבְּרָאכֶענֶע פִיעדֶעל
זִיצְט דָארְט אַ אִידֶעל
אוּנ זִינְגְט מִיט אַוֶוינֶענְדֶע שְׁטִים ;
וְויא טְרוֹיעֶרִיג , מוּרַאלֶעש
וְויא זִים , מוּזִיקַאלֶעס
אַז גְלַייךְ מוּז אִיךְ וֵויינֶען מִיט אִיהם .

7.

וָוארוּם, גָאטט, בִּין אִיךְ זָא גֶעקְוֶועלְט ,
עֶרְגֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט !

מֶען זֶעהט דָאס פָאלְק פַאלְט
אוּנ מֶען בְּלַייבְּט זִיךְ גַאנְץ קַאלְט .
קֵיינֶעם גִיט דָאס נִיט אַרִיהר !
אִיךְ זָאל נָאר וָואס לֶעזֶען ,
וָואס דָארְט אִיז גֶעוועֶזֶען
פֶערְגְלִיוֶוערְט דָאס בְּלוּט גְלַייךְ אִין מִיר !

8.

אִין אַשְׁטָאט אַז עֶס טְרֶעפְט אַבֶּעפַאל
אַגְזֵירָה , עֶס קוּמְט אוּיפְ'ן כְּלָל ,
אַגַאזֶעט , אַ יוּדֶעפָאבּ [1]
טְרֶעט זַייא אָן גְרָאבּ ,
צוּשְׁפְּרִינְגְט מִיר אוּיף שְׁטִיקֶער מַיין הַארְץ !
אִיךְ קֶען שׁוֹין נִיט הָאפֶּען ,
אוּיף עֶסֶען , אוּיף שְׁלָאפֶען ,
נִיט אִיבֶּער צוּ טְרָאגֶען דֶעם שְׁמַארְץ !

9.

מֶען בֶּעשׁוּלְדִיגְט אַ אִידֶען אִין אַ בְּלַאטְט ,
מַאכְט מִיר דֶער „מְמָה–נַפְשָׁךְ“ מַאהְט ,
וֶוען דִיא זַאךְ אִיז פַאלְשׁ .

1) דער וואס האט פיינט אַאידען אַ יודענ-פיינט .

עֶס אִיז אוּים גֶעטְרַאכְט אַלְס
פְלַאצְט מִיר בְּוַודְאַי מַיין גַאלְל;
אִיז עֶר אַבַּעַל עֲבֵירָה
הָאבּ אִיךְ דֶער פַּאר מוֹרָא
פַאר דֶעם חִילוּל הַשֵּׁם אוֹיפְ׳ן כְּלַל!

10.

אַ אִיד זָאהל וָואס נִיט פַּיינֶעס טְהָאן,
פַאלְט מֶען בַּאלְד אוֹיפְ׳ן כְּלַל אָן,
עֶס וֶוערְט אַ גֶעשְׂרֵייא,
זְשִׁיד, אוּנ יֶעוְורֵייא
הָאט עֶר בַּיימ שׁוֹין לַאנְג זַיין גְלוֹיבֶּען אוּים;
פוּן דִיא בֶּערִיהמְטֶע פֶּערְזָאנֶען
וֶועט מֶען נִיעמַאלְס דֶערְמָאנֶען
אַז עֶס שְׁטַאמְט פוּן אִידֶען אַרוּים.

11.

דִיא הוֹיפְּט שְׁמֶערְצֶען, דִיא זַיינֶען צְוֵוייא
אוֹיף וֶועלְכֶע מַיין הַארְץ טוּהט מִיר וֵוייא:
וֶוען אַפְּרֶעמְדֶער שְׁלָאגְט מַיינֶע בְּרִידֶער,
קָאנְוואוּלְסִירְט מִיר דִיא גְלִיעדֶער,
מַיין גַאל—בֶּעכֶער אִיז בִּיטֶער, אַ שְׁרֶעק;

וֶוען בַּייא אוּנְז אִיז קַיין פְרִיעדֶען ,
אַ אִיד שְׁלָאגְט אַ אִידֶען —
דָא טְרִינְק אִיךְ דִיא גַאל וֶועלְבְּסְט פוּן דֶעק ...

12.

וואוּ עֶס ווָאלְט שׁוֹין פְרַייעֶר גֶעוֶועזֶען ,
אִיךְ קֶען אִיהם דָארְט רוּהִיגֶער זֶעהֶען —
אִיז נִיט צוּ דֶערְהַאלְטֶען
פוּן זַיין שִׁיף דִיא שְׁפַּאלְטֶען ;
וִויא עֶר אִיז אַף שְׁטִיקֶער צוּטְהֵיילְט :
אוּנְגַארֶען , גַאלֶעצְיַאנֶער
פַּיינְדְלִיכֶע רוּמֶענֶער —
אַ קְרַאנְקְהַייט וָואס וֶוערְט נִישְׁט גֶעהֵיילְט !

13.

וִויא גֶעפֶעהרְלִיךְ שְׁטֶעהט זַיין לֶעבֶּענְס שִׁיף !
דֶער שְׁטוּרֶעם וַוארְפְט אִיהר הוֹיךְ אוּנ טִיעף ,
דִיא וֶועלֶען — זֵייא רוֹישֶׁען ,
ווִילֶען אִיהר פֶערְשְׁטוֹיסֶען ,
זִיא זָאהל אוֹיף דֶער וֶועלְט מֶעהר נִיט זַיין ;
אוּנ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער פַייעֶר
אִיז אִין שִׁיף אוּבְגֶעהֵייעֶר :
הָאט פַאל גְלַייךְ אִין אָבְּגְרוּנְד אַבַיין ...

14.

דִיא נֶערְוֶוען וָואס דוא גִיבְּסְט מִיר , גָאטט !
אִיז אַנְדֶערְס וִויא יֶעדֶער מֶענְשׁ הָאט :
גֶעפִיהלְפָאל אוּנ שְׁפִּירֶענְדֶע ,
רֵייצֶענְדֶע, רִיהרֶענְדֶע ,
פָאל מִיט עֶלֶעקְטְרִישֶׁע קְרַאפְט :
דֶער שְׁפִּירֶען , דָאס פִּיהלֶען —
דָאס בְּרֶענְט מִיר אִין שְׁטִילֶען ,
דָאס בְּרֶענְט אוּיס מַיין לֶעצְט בִּיסֶעל זַאפְט !

15.

זֶעה אִיךְ פֶערְדָארְבֶּענְהַייט עֶטְוָואס ,
אַ אִיד גִיט דָארְט אַ פַאלְשֶׁע מָאס,
קַיין קֶאוֶועסְט הָאט עֶר גָאר נִיט
אוּנ טְהוּט וָואס מֶען טָאר נִיט ,
וֵויינְט מִיר מַיין הַארְץ אִין דֶער שְׁטִיל ,
אִיךְ וֵויים אַז דֶער דַלוּת ,
עֶר מַאכְט עֶס אַלֶעס ,
דֶער גָלוּת פֶערְדַארְבְּט זֵיי זָא פִּיעל !

16.

וֶוען אִיךְ גֶעה פַארְבַּייא אַשׁוּל
אוּנ זֶעה דָארְט שְׁמוּצִיגְקַייט פוּל ,

גִיט מִיר אַנֶעדהם
דֶער חִילוּל הַשֵׁם ,
מַיין בְּלוּט שְׁפְּרִיצְט פוּן הַארְצֶען אַרוּיס ׃
מִיר טְרָאגֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען
דֶעם רֵיינֶעם פוּן אוֹיבֶּען ,
אוּנ וִויא שְׁמוּצִיג דָאס וֶעהט בַּיי אוּנְז אוֹיס ! . . .

17.

וֶוען אִיךְ זֶעה אַן אַרִיסְטָאקְרַאט
פִיהרְט דָארְט אַגַאנְץ רַייכֶען שְׁטַאט ,
בְּלַייבּ אִיךְ אִין אוּנְמַאכְט
וֶוען אִיךְ בֶּעטְרַאכְט ׃
וָואס הָאט דָאס פָאלְק פוּן אִיהם פְּרָאפִּיט ?
אַקְטְרִיסֶעס מִיט בָּאנֶעס
דִיא טְהַייעֶרְסְטֶע מַתָּנוֹת
אוּנ אוֹיפֶען כְּלַל אֵיין פֶּענִיג-נִיט !

18.

הָאסְט מִיר גָאטט , אִין אַזוֹיא אַצַייט גֶעבְּרַאכְט ,
וָואס דָא אִיז טָאג , אוּנ דָא אִיז נַאכְט ;
דָא קְלֶעפְּט מֶען מִיר לַאטֶעס
פוּן וִוילְד אוּנ פַאנַאטֶעס
אִיךְ פֶּערְשְׁטֵייא נִישְׁט וָואס דִיא צַייט וִויל

גֵייא אִיךְ נָאכְ'ן װֶעטֶער
שְׁרַייעֶן דִיא בְּלֶעטֶער
אִיךְ שְׁטוּפּ מִיךְ אִין בִּילְדוּנְג צוּ פִּילל .

19.

אִיךְ װֵייס גָאטט , אַז דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְט :
יִשְׂרָאֵל אִיז אַװֶעק שְׁלֶעכְט
הָאסְט אִיהם אִין יֶעדֶער לַאנְד
גֶעפִּיהרְט פַארִין הַאנְד ,
פְּלוּצְלוּנְג עֶר װִיל גֶעהן אַלֵיין ;
פַאר אַבָּחוּר אַן אַלְטֶען
פַארִין פָּאלֶע זִיךְ הַאלְטֶען ,
זָאגְט עֶר , עֶס אִיז אִיהם נִיט שֵׁיין .

20.

װִיא דוּא זֶעהסְט עֶר בְּרַאקִירְט מִיט דִיךְ ,
הָאסְטוּ אִיהם גֶעלָאזֶען פוּן זִיךְ ;
עֶר אִיז אַװֶעק
װַייט , װַייט אַשְׁרֶעק ,
עֶר זִינְגְט שׁוֹין פוּן אַסִימֶעלַאצְיֶע אַ לִיעד ;
נָאר אַפְּרָאסְטֶע קָאמַאנְדֶע
דֶערְמָאהנֶען אִיהם מִיט שַׁאנְדֶע
אַז עֶר אִיז גֶעבָּאהרֶען אַ אִיד .

21.

אֶמֶת, אַזוֹיא דַארְף נִיט זַיין,
עֶר אִיז אוּמְגֶעֶרעכְט, עֶר לָאזְט דִיר אַיין,
פִיהר—זְשֶׁע זִיךְ מִילְד
מִיט דַיין קִינְדְם אַ שׁוּלְד
פֶּערְזִינְדִיגְט, טוּא נֶעהם שְׁמַיים אִיהם אָפּ;
אָבֶּער וֶוער קֶען עֶם דוּלְדֶען
אַז פַאר דִיא קְלֵיינֶע שׁוּלְדֶען,
דֶערְלַאנְגְסְט אִיהם מִיט אַדוּבִּינֶע אִין קָאפּ?!

22.

דַארְפְסְט נִיט גָאטט אִין כַּעַס זַיין
גֶעה אִין זַיין לַאנֶע אַרַיין,
עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען יָאהרֶען לַאנְג
אִין גֶעטְהָא אִין דְרַאנְג,
פְּלוּצְלוּנְג אַז שְׁטְרַאהלְט אִיהם דִיא זוּנְן,
וֶוער וִויל נִיט גֶענִיסֶען:
דֶעם ווִינְטֶעל, דֶעם זִיסֶען
וָואס אִיז דִיא עוֹלָה דֶערְפוּן?

23.

טוּא גִיבּ-זְשֶׁע גָאטט חָאץ אִיצְט אַ בְּלִיק,

וִויא דַיין קִינְד קֶעהְרְט זִיךְ צוּ דִיר צוּרִיק ;
עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֵייְנְקֶען
אוּנ שְׁטַארְק זִיךְ פֶּערְבֵּייְנְקֶען
נָאךְ דָאס לַאנְד וָואס דוּא שֵׁיינְקְסְט אִיהם אַ מָאהל ,
צוּא פֶּערְזֵייעֶן אִין גַאנְצֶען
אוּנ בּוֹימֶער פַארְפְּלַאנְצֶען
פַארְגְרִינֶען אִיהר בַּארְג מִיט אִיהר טְהָאל.

24.

טוּא גֶעהם אִיהם וִוידֶער פַארְ'ן הַאנְד ,
פִיהר אִיהם צוּרִיק צוּ זַיין לַאנְד ;
אִיךְ וֶועל פְלִיהֶען וִויא אַ טוֹיב ,
אִיךְ וֶועל שְׁמֶעקֶען דִיא שְׁטוֹיב ,
יֶעדֶער גְרֶעזֶעלֶע , וִויא זִיס דָאס אִיז מִיר
מַיין פַאמִילְיֶע אִין גַאנְצֶען
וֶועלֶען זֵייעֶן אוּנ פְּלַאנְצֶען ,
אוּנ אִיךְ וֶועל דָארְט זִינְגֶען פַאר דִיר !

25.

עֶר וֵייס : כָּל זְמַן עֶר וָואהְנְט נִיט דָארְט
הָאט עֶר קַיין רוּהִיגֶען אָרְט .
דֶער אִיד מִיט זַיין לַאנְד
אִיז גֶעבּוּנְדֶען בֶּעַנַאנְד .

נַע וְנַד — וֶוען זִיא אִיהם פֶעלְט ,
נור בֵּיידֶע צוּזַאמֶען
וְויא אַ קִינְד בַּייא דֶער מַאמֶען —
דַאן לֶעבְּט עֶר רוּהִיג זַיין וֶועלְט .

26.

אָה , וואו זֶעה אִיךְ דֶעם פִּירַאמִיד ,
וואו יִרְמְיָה זִינְגְט זַיין קְלַאגֶעס לִיעד
וְויא זֶעה אִיךְ דֶעם שְׁטֵיין
וואו יְשַׁעְיָה אַלֵיין
דִיא פֶּערְלֶען פוּן פָּאעֶזְיֶע בִּינְדְט .
אַ מְחַיֶה נְשָׁמוֹת
וְויא הוֹשֵׁעַ אוּנ עָמוֹס
פְּרֶעדִיגֶען מוּסָר דַיין קִינְד ?

27.

וואו דִיא עֶבָא פוּן יוֹתָם'ס מָשָׁל קְלִינְגְט ;
וואו דְבוֹרָה אִיהר הֶערְלִיךְ לִיעד זִינְגְט .
וואו בִּנְיָמִין חַאפְּט דָארְטֶען
זַיין כַּלָה אִין גָארְטֶען ;
וואו דָוִד'ל פִּיטֶערְט זַיין שָׁאף
אוּנ שְׁפִּיעלְט אוֹיף זַיין פִיעדֶעל

אונ זינְגְט זיךְ אַ ליעדעל !
אָה , גָאטט ! וֶועק מִיךְ אויף פון מַיין שְׁלָאף .

28.

פְלִיגְלֶען , אָה , פְלִיגְלֶען גִיבּ מִיר ,
לָאז מִיךְ דָארְט שְׁוֶועבֶּען אִין אִיהר ,
אונְטֶער אִיהר הִימֶעל דֶעם בְּלָאעֶן ,
אִין לְבָנוֹן דֶעם גְרָאעֶן ,
בַּיי'ן שִׁילוֹחַ וָואס פְלִיסְט זיךְ גַאנְץ שְׁטִיל ,
וואו עֶס אִיז עֶנְדֶעקְט גָאטֶעס עֶהְרֶע
וואו עֶס קְלִינְגְט דִיא אַטְמַאסְפֶעֲרֶא —
אָט דָארְט , נָאר דָארְט , שְׁטְרֶעבְּט מַיין גֶעפִיהל .

29.

מַיין ווירְט , אָה מַיין קֵייזֶער פון לַאנְד
בֶּעשִׁיטְץ גָאטט , מִיט דַיין רֶעכְטֶע הַאנְד ,
עֶר הָאט יָאהרֶען לַאנְג מִיךְ
גֶעהַאלְטֶען בַּיי זִיךְ
פֶערְהִיט מִיר , בֶּעשִׁיטְץ מִיר , פון פַיינְד ,
עֶר זָאהל נָאךְ זֶעהֶען מִיט דִיא אויגֶען ,
אַז דִיא וָואס עֶר הָאט עֶרְצויגֶען
„וִויא דִיא זוּנְן דָארְט אויף זֵייא שַׁיינְט" .

30.

אין דאס לאנד וואו זיין אויג קוקט נאר ,
פון אנפאנג ביז ענדע יאהר ,
וואו כהנים פראפעטען ,
לוים , פאעטען
זינגען א הימנע צו דיר
מיט זייא אין אײנעם
אין דיין טעמפעל דעם שײנעם
וועל איך דיר אויך זינגען א שיר .

31.

ווען אבער איך האב קיין ווערטה
צו טרעטען אויף איהר הייליג ערד ,
טוא לאז מיך נאר פרייא ,
וויא משה ביין ניא ,
אויף איהר געבען דעם לעצטען בליק ;
ציא וויא „יהודה" 1) אהין ציעהען
אונ זינגענדיג א „ציון"
אבגעבען מיין זעלע צוריק ....



1) ר' יהודה הלוי וועלכער האט (נאך אזאגע) געזונגען זיין ציון ביז איין אראבער האט איהם מיט זיין שפיעז דער שטאכען .

# דַײנוּ „א״ .

1.

קַײן װאָרֶע שְׁלֶעכְטִיץ קֶען גָאר נִיט גֶעבֶּען ,
װָאס עֶנְדְלִיךְ זָאהל גוּטֶעס נִיט קוּמֶען ,
דִיא צָרוֹת װָאס טְרֶעפְט אוּנְז אִין לֶעבֶּען
בַּײא דִיא דֶערְנֶער װַאקְשֶׁען אוּיס בְּלוּמֶען .
אֵײנֶע עֶפֶּענְטְלִיכֶע שִׂנְאָה אוּיף אִידֶען
װָאס גֶערְמַאנְיֶע הָאט דָאס אוּיס גֶעטְרַאכְט ,
אוּנ אִין יֶעדֶעס לַאנְד אִיז אִיהר גֶעזִיכְט פֶערְשִׁיעדֶען
הָאט דָאס יוּדֶענְטְהוּם פִיעל גוּטֶעס גֶעבְּרַאכְט .
פִיעל יוּדֶען זַײנֶען װַײט פֶערְקְרָאכֶען ,
פֶערְקְלִיבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק צוּם שָׁכֵן ,
אַלְטֶע זִיטֶען אָבְּגֶעבְּרָאכֶען ,
פֶערְגֶעסֶען שׁוֹין דֶעם נָאמֶען „איד״
אוּנ װֶען דָאס דוֹיעֶרְט נָאךְ צֶעהֶען יָאהרֶען
װָאלְט פוּן אוּנְז אַתֵל גֶעװָאהרֶען
דִיא אוּמָה װָאלְט זִיךְ בַּאלְד פֶערְלָאהרֶען ,
דֶען טֶעגְלִיךְ שְׁטַארְבְּט אִיהר אָפּ אַ גְלִיד .
אָט דִיא נוּצֶען זֶעהט אוּנ בֶּעטְרַאכְט
װָאס דִיא שִׂנְאָה הָאט אוּנְז גֶעבְּרַאכְט ,

אַלֶע גְלִידֶער הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֵיין
אַז דָאס שְׁטַאמְט פוּן „וּמִפְּנֵי חֲטָאֵינוּ"
וֶוען דִיא בֶּעוֶועגוּנְג וָואלְט אוּנְז גֶעבְּרַאכְט נוּר דָאס אַלֵייי
אִיז אוּנְז שׁוֹין אוֹיךְ דַיֵינוּ •

2.

וִויא גְרוֹיס וַואר דֶער פֵּרוּד לְבָבוֹת ,
צְווִישֶׁען דִיא פְרַייעֶ אוּנ פְרוּמֶע ,
גֶעמִשְׁפֶּט רַק אוֹיף דִיא מַחֲשָׁבוֹת
צוּא רִיסֶען אַף שְׁטִיקֶער דִיא אוּמָה •
אָבֶער צַייט דִיא אִידֶעעֶ אִיז גֶעוָואהרֶען
פֶערְאֵיינִיגְט דִיא הֶערְצֶער אוּנ גֶעפִיהל
דִיא דֶערְוַוייטֶערְטֶע זַיינֶען נָאהנְט גֶעוָואהרֶען
וַוייל אַלֶע שְׁטְרֶעבֶּען צוּא אֵיין צִיעל •
זֶעהט וֶועגֶען „צִיוֹן" דִיא אֲסִיפוֹת
פוּן פְרוֹיעֶן הֶערְט מֶען קֵיין חֲצִיפוֹת
פוּן רַבָּנִים קֵיין רְדִיפוֹת ,
וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועֶן אַמָאהל ,
גֶעדַאנְקֶען וֶוערֶען אוֹיפְגֶערִיסֶען
הֶערְצֶער וֶוערִין אָפְּגֶעשְׁלָאסֶען
נִיטָא קֵיין הַאסֶען , אוּנ פֶערְהַאסֶען
נוּר אוֹיס גֶעגְלִיכֶען זִיךְ בֶּערְג אוּנ טְהָאל •

אָט דִיא נוּצֶען זֶעהט אוּנ בֶּעטְרַאכְט
וָואס דִיא אִידֶעעֶ הָאט אוּנְז גֶעבְּרַאכְט
אִין אַ אֲסִיפָה זָאהלֶען שְׁטִימֶען גְרוֹיס אוּנ קְלַיין
אֲפִילוּ אַיְהָסָן מִיט אַ מוֹרֶה מוֹרֵנוּ
וֶוען דִיא אִידֶעעֶ וָואלְט אוּנְז גֶעבְּרַאכְט נוּר דָאס אַלַיין
אִיז אוּנְז שׁוֹין אוֹיךְ דַיֵינוּ.

3.

דִיא חֶבְרוֹת פוּן גְרוֹיסֶע אוּנ פוּן קְלֵיינֶע,
וָואס קָאסְט דָאס פָאלְק מִיה אוּנ מַטְבֵּעַ,
גֶעפִינְט אִיהר בַּייא זֵייא נִיט קֵיין אֵיינֶע
וָואס זָאל זַיין דֶעם כְּלַל נוֹגֵעַ.
נוּר אוּנְזֶער חֶבְרָה הָאט בִּיז דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד בְּרִידֶער
אִין פֶערְשִׁיעדֶענֶע לֶענְדֶער אִיבֶּערַאל
אוּנ שְׁטֶעלְט צוּנוֹיף אִין אֵיינֶעם דִיא גְלִידֶער
וִויא אַיין מֶענְשׁ מִיט מַאכְט אוּנ קַאפִּיטַאל.
דָארְט קֶענְט אִיהר אַהַארְץ גֶעפִינֶען
דָארְטִין קָאפּ אוּנ מַארְךְ אוּנ זִינֶען
דָארְט הֶענְד וֶועלְכֶע בֶּעדִינֶען
אוּנְד אוֹיגֶען וָואס רֶעגוּלִירְט.
דָארְטֶען פִים וָואס לָאזֶען נִיט פַאלֶען
דָארְטֶען אַקֶעסֶענֶע מִיט קְוַואלֶען

וָואס שְׁטִיצְט מִיט גְרויסֶע קַאפִּיטַאלֶען
דִיא זַאךְ זָאהל וֶוערֶען אויס גֶעפִּיהרְט .
אָט דִיא נוּצֶען זֶעהט אוּנ בֶּעטְרַאכְט
וָואס דִיא אִידֶעע הָאט אוּנְז גֶעבְּרַאכְט .
אַלֶע גְלִידֶער זָאהלֶען זַיין וְויא אֵיין בֵּיין
דָאס טְרֶעפְט אוּנְז נָאךְ אִיצְט בְּדוֹרֵנוּ
וֶוען דִיא אִידֶעע וָואלְט אוּנְז גֶעבְּרַאכְט נור דָאס אַלֵיין
אִיז אוּנְז שׁוין אויךְ דַיֵינוּ .

4.

דֶער יוּגֶענְד פוּן דִיא אִידִישֶׁע שְׁטוּדִירְטֶע
וַואר שׁוין דֶער וַוייטֶערְט פוּן אַלֶעס
אַלֶע פֶערְבְּלָאנְדְזֶעטֶע אוּנ פַארְאִירְטֶע
נָאר דִיא צָרוֹת מַאכְט זֵייא נַאצְיָאנַאלֶעס
מִיא הָאט זֵייא שׁוין גֶערֶעכֶענְט פַאר פַארְלָאהרֶען
פְרֶעמְד פוּן דֶעם וָוארְט נַאצְיָאנַאל
זֵייא זַיינֶען אוּנְז אִיצְט נָאהנְט גֶעוָוארֶען
עֶס אִיז אוּנְז צוּ גֶעקוּמֶען אַ גַאנְצֶער קַאפִּיטַאל ;
זֵייא לֶערְנֶען אִידִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע
לֶעזֶען אִידִישֶׁע גֶעדִיכְטֶע
נֶעמֶען צוּ מִיט זַאנְפְט דִיא פְלִיכְטֶע
וָואס אָן דֶעם אִידֶען אָנְבֶּעלַאנְגְט .

דִיא אוּמָה הָאט שׁוֹין אוֹיף דָאס נַייעֶ
קִינְדֶער אֶמֶת׳ע אוּנ גֶעטְרַייעֶ
פַאר עֶלְטֶערְין אִיז אַמְחַיֶה .
בַּאקוּמֶען וָואס דָאס הַארְץ פֶּערְלַאנְגְט
אָט דִיא נוּצֶען זֶעהט אוּנ בֶּעטְרַאכְט
וָואס דִיא אִידֶעעֶ הָאט מִיט גֶעבְּרַאכְט .
גֶעשְׁטוּדִירְטֶע יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען פַאנְגֶען אָן צוּגֵיין
אִין דִיא וֶועג פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אֲבוֹתֵינוּ
וֶוען דִיא אִידֶעעֶ וָואלְט אוּנְז בְּרֵיינְגֶען נוּר דָאס אַלֵיין
אִיז אוּנְז שׁוֹין אוֹיךְ דַיֵינוּ .



# דַיֵינוּ „ב"

1.

יֶעטְצְט בֶּערֶעכֶענְט דִיא דַיֵינוּ'ס
פִּיעל דָא אִיז גֶעוֶוען ,
וֶוער עֶס הָאט אַהַארְץ אַרֵיינֶעם
פִּיהלְט אוּנ קֶען עֶס זֶעהֶען ;
דֶעם זִינֶגען פוּן „יִשׁוּב אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל" ,
שׁוֹין וָואס דָאס טְרָאגְט אַיין ,
אוֹיסֶער גוּטֶעס פַאר דֶעם קָהָל ,
וָואס קֶען שְׁפֶּעטֶער זַיין ;
אוּנ וֶועמֶען אִין דֶער וֶועלְט
דֶער רַעְיוֹן נִיט גֶעפֶעלְט ,
גֵייט מֶען נִיט אוֹיף קְרוּם צוּ זָאגֶען גְלַייךְ ,
נָאר שְׁרַייט נִיט אִין פּוּבְּלִיק
שְׁטֶערְט זַייא נִיט דֶעם גְלִיק
רַחֲמָנוּת הָאט אוֹיף זַייא , אוּנ אוֹיף אַייךְ :

2.

ווִיא שְׁווֶער דָאס אִיז צוּ פֶערְפַּאסֶען
אַ סֵפֶר זֶעלְבְּסְט אַלֵיין ,
אֵיין וָואֹרְט צוּם צְוֶוייטֶען צוּ צוּ פַּאסֶען ,
דֶער רַעְיוֹן זָאל זַיין רֵיין .
אַזוֹיא אִיז לַייכְט צוּ קְרִיטִיקִירֶען
דֶעם אַנְדֶערִינְס אַ בּוּךְ ,
אוֹיף יֶעדֶער זִינְן צוּ פְּרָאטֶעסְטִירֶען
דֶער שְׁמֶעקֶען דָארְט אַ גְרוּךְ ,
דָאס אִיז נִיט קֵיין קוּנְץ
צוּ שְׁטֶערִין יֶענֶעמְס וואוּנְשׁ ,
דֶעם עֶלֶענְדֶען אַרָאפּ שְׁלָאגֶען פוּן טְרָאפּ
אִיהר גִיט דֶעם קְרַאנְקֶען דְרַייסְט
פַארְגִינְט אִיהם חָאץ אַטְרֵייסְט ,
וָוארוּם זָאגְט אִיהר אִים גָאר זַיין לֶעבֶּען אָפּ ?

3.

אוֹיב אִיהר קֶענְט אִיהם צוּרִיק נִיט גֶעבֶּען
קֵיין אַנְדֶער גוּטֶע זַאךְ ,
טוּא וָואס בֶּערוֹיבְּט אִיהר אִים זַיין לֶעבֶּען
לָאזְט אִיהם חָאץ גֶעמַאךְ :
אִיהר זֶעהט דֶער צְווייפֶעל נֶעמְט אִיהם דְרִיקֶען

אָן הָאפֶֿענוּנג קֶען עֶר זַיין
דַאמָאלְס וָואסֶערֶע אוּמגְלִיקֶען ,
קֶען אִיהם אִין קָאפּ אַרַיין ,
אוֹיב בַּייא אַייך קוּמְט אוֹיס
אַז דֶער פוּן וֶועט נִיט אַרוֹיס
טוּא הַאלְט בַּייא זִיך , אוּנ מַאכְט נִיט אָן קַיין שְׁרֶעק,
וָואס נוּצְט אַייך דֶער דִיסְפּוּט
וָואס שְׁלָאגְט אִיהר אָפּ דֶעם מוּטְה ,
וָואס נֶעמְט אִיהר אִיהם זַיין הָאפֶֿענוּנג אַוֶועק .

4.

מִיט אַייעֶרֶע קִינְדֶער עֶרְצִיהוּנְג ,
הָאט אִיהר פִיעל פֶערְגְרַייזְט
נִיט גֶעקוּקְט , פוּן אָנְפַאנְג בְּלִיהוּנְג ,
אִיהר זָאלְט בִּילְדֶען דֶעם גַייסְט ;
גֶעלֶערִינְט אִיהם נָאר אַמְלָאכָה ,
פֶערְזָארְגְט אִיהם בְּרוֹיט מִיט קֶעז
נִיט עֶרְצוֹיגֶען מִיט הַשְׁגָחָה
זִיטְלִיך רֶעלִיגְיֶעז
זַייא זַיינֶען פֶערְגַאנְגֶען אִין אַוֶועג ,
גָאר צוּם צְווייטֶען בְּרֶעג
אִיהר הָאט שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט הֶעלְפֶען דֶער בַּייא

פון ציון נָאר אַבְּליק ,
קֶערְט עֶס זֵייא צוּריק
אִיהר הָאט זֵייא יֶעטְצְט גֶעבָּאהרֶען אוֹיף דָאס נֵיי .

5.

יֶעטְצְט הָאט אִיהר דִיא קִינְדֶער ווִידֶער ,
אִין אַייעֶר הַארְצֶען שׁוֹין ,
צַייט זֵייא וֶוערִין דִיא מִיט גְלִיעדֶער ,
בַּייא חוֹבְבֵי צִיוֹן ;
זֵייא הָאבֶּען יֶעטְצְט צוּריק בֶּעקוּמֶען
אַ נֵייעֶם אִידֶעאַל ,
עֶס וֶוערְט בֶּעפּוּצְט מִיט דִיא בְּלוּמֶען ,
דֶעם אִידֶענְס גַאנְצֶען זַאל :
אוּנ דִיא רֶעגִירוּנְג לַייט
קוּקֶען פוּן דֶער וַוייט ,
אוּנ זַיינֶען זֵייעֶר צוּפְרִידֶען דֶער מִיט ,
גְלַייכֶער ווִיא דֶער נַעַר
וָואס פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט אִין גֶעפַאהר ,
אַ סַכָּנָה וֶועג וָואס לוֹינְט פַאר ַקיינֶעם נִיט !

6.

דְרוּם אוּנְזֶער הָאהֶע רֶעגִירוּנְג
שְׁטֶערְט אוּנְז נִיט דֶער בַּייא ,

זִיא וֵויים פוּן — צִיוֹן — פוּן דֶעם פִּירוּנְג ,
אוּנ לָאזְט אוּנְז טָאן גַאנְץ פְרַייא .
עֶס גֵייט יֶעטְצְט צַייטוּנְג אוּנ בְּרָאשׁוּרֶען
אוּנ דִיא רֶעגִירוּנְג הֶערְט
עֶס גֵייט דִיא בְּלֶעטֶער דוּרְךְ צֶענְזוּרֶען
אוּנ עֶס וֶוערְט נִיט גֶעשְׁטֶערְט .
דֶען זִיא וֵויים עֶס גוּט
אַז וֶוער פַאר — צִיוֹן — טוּהט ,
קֶען זִיךְ זַיין , זַיין פַאטֶערְלַאנְד גַאנְץ טְרַייא .
טוּשְׁטִיצְט-זֶע בְּרִידֶער שְׁטִיצְט
דִיא קָאלָאנְיֶען אִיצְט ,
אָפּ לֶעבֶּען זָאל צִיוֹן אוֹיף דָאס נַייא !



# משֶׁה מִיט זַיין דור.

1.

אָה משֶׁה ! בִּיזְט עֶרְהַאבֶּען גְרוֹים ,
יֶעדֶער טְרִיט פוּן דִיר הָאט וַוייט גֶעשַׁיינְט ;
פוּן פַּאלַאטְשׁ (הֵייְנְקֶער) וְויא דוּא בִּיזְט נָאר אַרוֹים
טְרֶעפְּט דִיר וָואס דַיין פָּאלְק טְרֶעפְּט בִּיז הַיינְט :
דַיין עֶרְסְטֶער אַרוֹים גַאנְג
אַלְס יוּנְגְלִינְג פוּן אָנְפַאנְג
דֶער זֶעהסְט דוּא אַ אִידֶען מֶען שְׁלָאגְט
אָן אַפְּרִיטְשִׁינֶע ,
נָאר פָּשׁוּט פוּן שִׂנְאָה
וַוייל עֶר נָאמֶען „אִיד" אוֹיף זִיךְ טְרָאגְט ;
אוֹיף מָארְגֶען ווִידֶער
דֶער זֶעהסְט דוּא צְוַויי בְּרִידֶער

פוּן דַיין פָאלְק, ווִיא זַיי קְרִיגֶען זִיךְ,
צַאנְקֶען זִיךְ, רַייסֶען זִיךְ,
שְׁלָאגֶען זִיךְ, בַּייסֶען זִיךְ.
שְׁטְרָאפְּסְט דוּא זַיי מַסֶרְ'ת מֶען דִיךְ.
פוּן יֶענֶעם וְויֶעק [1]
אִיז שׁוֹין אַוֶועק
פִיעֶרְטְהַאלְבֶּען טוֹיזֶענְד יָאהר,
וֶוער עֶס גִיט אַבְּלִיק
אוֹיף דַיין אוּמְגְלִיק
קוּמְט אִים נָאר, דִיא צְווֵיי פָּאר:
פוּן מִצְרִי טְרֶעפְּט קוּלַאקֶעס.
מֶען שֶׁעדִיגְט אִיהם זַיין גוּף;
בַּיי אִיהם וֶועה אִיךְ דְרַאקֶעס.
מַחֲלוֹקֶת הֶערְט זִיךְ נִיט אוֹיף,
נָאר קְרִיעג
מִיט זִיעג
אִיז בַּיי אִיהם פוּן מֹשֶׁה'ן אָן,
פַאר מֶעג
מִיט טֶעג
פַארְשְׁפִּיעלְט עֶר דָא אִין קָאן.

1) הור׳

2.

אָה , וִויא גְרוֹיס אִיז דֶער אוּמְגְלִיק פוּן דֶער שִׁיף ,
וֶוען זִיא בְּרֶענְט אִין מִיטֶען יַם ,
דִיא וַואסֶער אוּנֶענְדְלִיךְ בְּרֵייט אוּנ טִיף
אוּנ זִיא אִין מִיטֶען בְּרֶענְט אִין פְלַאם !
אָט דָאס אִיז דַיין לַאגֶע
דָאס אִיז — יוּדֶענְפְּרַאגֶע ,
אַפְּרַאגֶע וִויא רֶעטֶעט מֶען דִיר ;
פוּן דְרוֹיסֶען דֶער וֶועלֶענְרוֹיש
אִין שִׁיף דֶער פְלַאקֶער גְרוֹיס ,
טוֹיְדְט שְׁרֶעק אִין שְׁטוּב אוּנ בַּיין טְהִיר ! !
דִיא אַנְטִיסֶעמִיטֶען
וִויא דִיא פַּארַאזִיטֶען ,
טְרִינְקֶען וִויא וַואסֶער דַיין בְּלוּט ;
בַּייא דִיר אִין דִיא דִירוֹת ,
אִיז קְרִיג אוּנ מַסִירוֹת ,
זֶעהסְט נִיט וָואס אַרוּם דִיר זִיךְ טְהוּט !
עֶס טְרֶעפְט גַאנְץ אָפְט
עֶר וֶוערְט גֶעשְׁטְרָאפְט ,
פוּן דֶעם מִצְרִי'ס הַאנְד ,
נָאר דוּרְךְ דֶעם

וַוייל פוּן עֶם
וַואקְסְט דֶער אִינְטְרִיגַאנְט :
מִיט מַסִירוֹת , דֶעם כְּלַל בֶּעגְרָאבֶּען ,
שְׁרַייבְּט עֶר מִיט זַיינֶע הֶענְד ,
אִין צַייטוּנְג בַּיי יוּדֶעפָאבֶּען ;
אִיז עֶר קָארָאסְפָּאנְדֶענְט .
מֶען קֶען
יֶעטְצְט זֶעהן
דָתָן אוּנ אֲבִירָם ,
קוּקְט אַיין
פַאוּרֶען שַׁיין ,
זַיי לֶעבֶּען עַד הַיוֹם .

3.

אָה, משֶׁה , וִויא הָאכְמוּטְהִיג דוּא בִּיזְט !
קַיין הִינְדֶערְנֶעם הַאלְט נִיט אָפּ דַיין וֶועג ;
דִיא וֶועלֶען, וִויא טְהוּרֶעמְס אוֹיף דִיר פְּלִיסְט
אוּנ דוּא שְׁווִימְמְסְט מִיט מוּטְה צוּם בְּרֶעג ,
בַּיי'ם סְנֶה , גָאט הֵייסְט משֶׁה'ן
עֶר זָאהל גֶעהן קַיין גוֹשֶׁן ,
קְלַייבֶּען מִיט זַיין הַאנְד אַלֵיין

פוּן אִידֶען דִיא פִיהרֶער
מַנְהִיגִים, רֶעגִירֶער
מִיט זֵייא פַאר פַּרְעה'ן צוּ שְׁטֶעהן;
לְסוֹף אַ הִין גֶעהֶענְדִיג,
בַּיין פַּאלַאץ שְׁטֶעהֶענְדִיג,
עֶר וִויל אִין הוֹיף אַרַיין גֶעהֶען,
עֶר זוּכְט זֵייא דִיא זְקֵנִים,
נִיטָא זֵייא קֵיין אֵיינֶעם,
גֶעלָאזֶען אִיהם, אֵיינֶעם אַלֵיין.
פוּן יֶענֶער צַייט,
גִיט זִיךְ אַבַּייט
וִויפִיעל טוֹיזֶענְד יָאהר
אוּנ בִּיז אַהֶער,
דֶער הַארַאקְטֶער
אִיז גְלַייךְ צוּא יֶענֶעם דוֹר;
בַּייא זִיךְ אִין קָהָל חֶדֶר
הֶערְט מֶען דֵעוֹת פִיעל,
קוּמְט אוֹים מֶען דַארְף אַרֵיידֶער
צוּא לוֹיפְט מֶען אִין דֶער שְׁטִיל.
אִין שׁוּל
אִיז פוּל,
מַנְהִיגִים אָן אַ צָאהל,

וָואס טָאן
פַאר דִיא נַאצְיָאן
אַנְטְלוֹיפְט מֶען וִויא אַמָאהל .

4.

אָה, מֹשֶׁה , וֶוען דוּא לֵייגְסְט זַייא פָאר אַלַאנְד
צוּ לֶעבֶּען פוּן בֶּעאַרְבַּייטֶען דִיא עֶרְד ,
אִיז פוּן אָרֶעמֶען , צוּ סַאיי פוּן רַייכֶען שְׁטַאנְד ,
וֶוערֶען דַיינֶע וֶוערְטֶער נִיט גֶעהֶערְט ;
דִיא שׁוֹטְרִים פוּן גוֹשֶׁן
זַייא שְׁרַייעֶן צוּ מֹשֶׁה'ן :
„דוּא מַאכְסְט אוּנְז פַאר פַּרְעֹה'ן צוּ שַׁאנְד ,
מֶען וֶועט אוּנְז פַאר אַכְטֶען ,
וֶוען מִיר זָאלֶען טְרַאכְטֶען ,
אִין גוֹשֶׁן — פוּן אַן אַנְדֶער לַאנְד"
דָאס פָאלְק , דִיא גֶעמֵיינֶע ,
הֶערְט נִיט דִיא רֵייד זַיינֶע
— פוּן אַרְבַּייט פוּן שְׁוֶוערֶער גֶעמִיהט —
בִּכֵן אִי דֶער דֶעמָאקְרַאט ,
אִי דֶער אַרִיסְטָאקְרַאט ,
הֶערֶען גָאר זַיין עֵצָה נִיט ,

בַּיי דִיזֶער צַייט ,
דִיא רַייכֶע לַייט
גֶעפֶּעהלְט נִיט דִיזֶער פְּלַאן ;
ווַייל דוּרְךְ דֶעם ,
הַאלְט מֶען עֶם
פַאר אַן אוּנְטְרַייעֶן אוּנְטֶערְטְהַאן ;
צוּם פֶּעבֶּעל מֶען גֶעמְט רֵיידֶען :
קוּקְט בְּרִידֶער אַהִין !"
פוּן דַחֲקוֹת אוּנ פוּן לֵיידֶען ,
קְרִיכְט זֵייא נִישְׁט אִין זִינְן !
הַכְּלַל
אִיבֶּערַאל ,
אוֹיף יֶעדֶער טְרִיט , אוּנ שְׁפּוּר
זֶעהט מֶען
אִין עֶם
פוּן דַאמָאלְם זַיין נַאטוּר .

5.

אָה , מַיין פָאלְק ! דוּא בִּיזְט עֶרְהַאבֶּען גְרוֹים !
דוּא בִּיזְט אוֹיף אֵייבִּיג פֶּעסְט גֶעשְׁטֶעלְט ;
פוּן דַיינֶע פֶּעהלֶער זֶעהט מֶען אוֹיךְ אַרוֹים ,
אַז דוּא בְּלַייבְּסְט אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט .

בַּיי וֶועלְכֶע נַאצְיָאנֶען ,
קֶען מֶען דֶען דֶערְקָאנֶען
פוּן פִיר טוֹיזֶענְד יָאהר אַ נַאטוּר ?
דָאס פָאלְק וֶוערְט דָאךְ עֶלְטֶער ,
אִי שְׁוַואכֶער , אִי קֶעלְטֶער ,
עֶס בְּלַייבְּט נִיט פוּן יוּגֶענְד קֵיין שְׁפּוּר :
אוּנ דוּא הָאסְט דַיין יוּגֶענְד זַאפְט ,
בִּיזְט פָאל מִיט לֶעבֶּענְס קְרַאפְט ,
וְויא אִין דֶער „מִדְבָּר" אַמָאל ;
אוֹיף דִיר קוּמְט קֵיין עֶלְטֶער נִיט ,
דַיין יוּגֶענְד אֵייבִּיג בְּלִיהט ,
סַאיי דוּא וַואקְסְט אוֹיף בֶּערְג , סַאיי אִין טְהָאל ,
אָט דִיזֶער שְׂכַר
אִיז נָאר דֶערְפַאר
וַוייל דוּא הִיטְסְט אַיין דַיין שְׁטַאם גוּט ;
פוּן מֹשֶׁה'ן אָן
אִיז דִיא נַאצְיָאן
רֵיין פוּן פְרֶעמְדֶע בְּלוּט ,
מִיט פֶעלְקֶער זִיךְ זַיין מְתְחַתֵּן
גֶעפִינְט אִיהר נִיט בַּיי עֶם ,
עֶר וֵויס זַיין טַאטִינְס טַאטֶען
בִּיז יַעֲקֹב פוּן שְׁכֶם ;

דֶעם דוֹר
הַמִדְבָּר
זֶעה אִיךְ אִין דִיר יֶעצְט .
דִיךְ בַּייט ,
קַיין צַייט ,
יוּנְג בְּלַייבְּסְט דוּא בִּיז לֶעצְט !



# דִיא דְרַייא טוֹיבֶּען .



1.

גְלִיקְלִיךְ לֶעבְּט אַמָאל דֶער אִיד
אִין שְׁפַּאנִישֶׁע מְדִינָה ,
אִין קַאסְטִילְיֶען , אוּנ מַאדְרִיד ,
סֶעווִילְיֶע , בַּארְצֶעלִינֶע . (1

2.

בַּייא דֶעם קֶענִיג , פֶּערְדִינַאנְד
אִידִין מִינִיסְטָארֶען ,
גֶעגֶערֶעלֶע פוּל אִין לַאנְד
דָאקְטוֹרִים פְּרָאפֶּעסָארֶען .

1) שפאַנישע שטאָדט .

3.

יֶעדֶער אִיד לֶעבְּט זֵייעֶר רַייךְ
אִין וָואהנוּנְג , אוּנ אִין קְלֵיידֶען ,
פִּינְקְטְלִיךְ מִיט דֶעם קְרִיסְט צוּ גְלַייךְ
נִיט אוּנְטֶער צוּ שֵׁיידֶען .

4.

נָאר דֶער גְלִיק שַׁיינְט דָארְט נִיט פִּיעל
דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען אִידִיל ,
מִיא הֶערְט אִיהם זִינְגֶען אִין דֶער שְׁטִיל
אַ טְרוֹיעֶרִיגֶעם לִיעדִיל .

5.

פִּיעְרְצֶעהן הוּנְדֶערְט אַכְצִיג צְוֵייא ,
צֶעהן יָאהר פַאר דֶעם גֵירוּשׁ .
שְׁפִּירְט דֶער אִיד עֶס מְטהוּט אִים וְוייא
עֶר פֶערְלִירְט זַיין חֵירוּת .

6.

עֶס שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ דִיא אִינְקְוִיזִיצְיָאן
זַיין פְרַייהַייט צוּ בֶּעגְרֶענְצֶען ,
וָואס דֶער אִיד וִויל עֶטְוָואס טָאהן
הָאט עֶר קַיין רֶעכְט פוּן מֶענְשֶׁען .

7.

„דָאן אִיסַאאק אַבַּרְבַּנֶאל
קֶען זַייא אוֹיךְ נִיט רֶעטֶען ,
עֶס הֶעלְפְט זַייא נִיט, זַיין הוֹיכֶע שְׁטֶעל
זַיין וַויינֶען אוּנ זַיין בֶּעטֶען .

8.

נָאר דֶער פֶעבִּיל שְׁפִּירְט עֶס נִיט
הַאלְט עֶס פַאר אַפִּיבֶּער ,
„עֶס טְרֵייסֶעלְט דוּרְךְ אַ צֶעהְן מִינוּט
דִיא קְרַאנְקְהַייט , לוֹיפְט אַרִיבֶּער" .

9.

אִין דֶעם פַיינְסְטֶען שֶׁענְסְטֶען אָרְט
נִיט וַוייט פוּן קֶאנִיגְס מוֹיעֶר .
אִין מַאדְרִיד זֶעהט מֶען שְׁטֶעהט דָארְט
אַ דְרַייא עֶטַאזֶ׳נֶער מוֹיעֶר .

10.

אַז דָא וואוֹינְט אַ גְרוֹיסֶער גְבִיר
וָואלְט דֶער מוֹיעֶר שְׁוֶוערֶען ,

עֶס גֵייעֶן יֶעצְט פִיעל גֶעסְט צוּם טִיר
דַאמֶען , פִיעל אוּנ הֶערְרֶען .

11.

אָקָארְסְט וָואס גֶעוָוארֶען נַאכְט ,
דֶער זַאל אִיז פַיין בֶּעלוֹיכְטֶען ,
אוּנ אַטִישׁ גֶעדֶעקְט אַפְּרַאכְט
מִיט שְׁפַאנְיֶער וַויין אוּנ פְרוּכְטֶען .

12.

אַלְלֶע טְרִינְקֶען צוּם וִוירְטְה וַויין
בַּייא דִיא זִיסֶע שְׁפַייזֶען ,
וִוינְשֶׁען אִיהם גְלִיקְלִיךְ צוּ זַיין
וואוּ עֶר וִויל יֶעטְצְט רַייזֶען .

13.

אֵיין גַאסְט אָבֶּער דָארְט אִין הוֹיז
פְרֶעגְט דֶעם וִוירְטְה אַפְרַאגֶע ,
„וָואס לוֹינְט אַייךְ פוּן לַאנְד אַרוֹיס
„בַּייא דֶער רַייכֶער לַאגֶע״ ?

14.

„הַייזֶער ווירְטְהשַׁאפְט אַלְץ פֶערְקױפְט
„אַלְץ איבֶּער גֶעגֶעבֶּען ,
„אוּנ פוּן שְׁפַּאנְיֶען איהר אַנְטְלויפְט !
„מַאכְט איהר דָא קַיין לֶעבֶּען ?"

15.

נָאר דֶער ווירְטְה, אַנְטְוָואָרְט קַיין וָוארְט
פִיהרְט זֵייא אַרוֹיף אוֹיבֶּען ,
אין אַ צימֶער וָואס שְׁטֶעהט דָארְט
שְׁטַייגֶען דְרַייא , מִיט טוֹיבֶּען .

16.

אֵיין טוֹיב לֶעבְּט , גֶעזוּנְד אוּנ פְרִישׁ
שְׁרֶעקְלִיךְ איז דיא צְווייטֶע ,
אָבְּגֶעפְּלִיגְט פוּן קָאפּ בִּיז דיא פִּיס
גֶעקוֹילֶעט לִיגְט דיא דְרִיטֶע .

17.

„איהר זֶעהט דיא טוֹיבֶּען ? זָאגְט דֶער ווירְטְה
„יֶעדֶערֶע פֶערְשִׁיעדֶען

„אין דיא טויבען מיין הארץ שפירט
„דעם סוף פון היגע אידען.

18.

„ער ווערט געפרעסט מיט דרוק, מיט דראנג,
„ער קען דא פיעל ניט בלייבען,
„דויערין וועט דאס ניט לאנג
„מיא וועט איהם ארויס טרייבען.

19.

„אהאלב מיליאן, אללע באנאנד,
„וועלען מוזען לויפען,
„לאזען וועט איהר היער אין לאנד
„ווירטשאפט, גוטין, אונ הויפען.

20.

„אונ עס קען נאך זיין געמאלט
„ביין גרענעץ רעווידירען,
„מיא וועט ניט לאזען זילבער גאלד
„פון שפאניען ארויס פיהרען.

21.

„אָפְּגֶעפְּלִיקְט װֶעט אִיהר אַרױס
„װִיא דִיא טױבּ , דִיא צְװֵייטֶע ,
„בַּייט װֶער דאַן זַיין גְלױבֶּען אױס
„בְּלַייבְּט עֶר װִיא דִיא דְרִיטֶע .

22.

„דֶען װֶער קֶען עֶס יױצֵא זַיין
„פַאר דִיא פְרוּמֶע פְּרִיסְטֶער ,
„פַאלְט אַמֶענְש צוּא זֵייא אַרַיין
„שְׁטֶעהט אִין טױטֶען רֵייסְטֶער . . .

23.

„אִיךְ זֶעה דֶעם צוּקוּנְפְט פוּן דֶער װַייט
„אוּנ מוּז אַלֶץ פֶערְקױפֶען ,
„דָאס בֶּעלַאנְגְט נָאר אָן דֶער צַייט
„װֶער פְרִיעֶר װֶעט אַנְטְלױפֶען .

24.

„לױפְט פוּן שְׁפַּאנְיֶען אִיצְטֶער װֶער
„דֶער אִיז אַבֶּעגְלִיקְטֶער ,
„װֶעט עֶר װַארְטֶען עֶטְוָואס מֶעהר
„אַנְטְלױפְט עֶר אַ נָאבְגֶעפְלִיקְטֶער .

25.

„װֶעט עֶר װַארְטֶען בִּיז צוּלֶעצְט
„טוּא זֶעהט דִיא טױבּ דִיא דְרִיטֶע ,
„לױפֶען לױפְט פוּן שְׁפַּאנְיֶען יֶעצְט
„װֶען נִיט אִיז דָא דִיא — שְׁחִיטָה ! ...

.................................................................

.................................................................

אױף דִיא עֶנְדֶע פוּן דֶער נַאכְט
זָאלְסְטוּ יֶעטְצְט נִיט גְלױבֶּען !
קוּק אַף שְׁפַּאנְיֶען אוּנ בֶּעטְרַאכְט .
דֶעם מָשָׁל פוּן דִיא טױבֶּען ! ...



# דָאס גָאלְדֶענֶע לַאנְד .

1.

פוּן אַמֶעריקָא הָאבּ אִיךְ אַלְס קִינְד גֶעהֶערְט ,
וֶוען צְוֵוייא פְלֶעגֶען רֵיידֶען בַּאנַאנְד :
„וִויא גְלִיקְלִיךְ מִיא לֶעבְּט אַף קָאלוּמְבֶּעסֶעס עֶרְד
„זִיא אִיז אַגָאלְדֶענֶע לַאנְד" !
אִיךְ בִּין אַהֶער גֶעקוּמֶען , דֶעם סֵפֶר דוּרְכְגֶעקוּקְט :
טְרֶעהרֶען , טְרוֹיעֶר , אִיז אוֹיף יֶעדֶעם בְּלַאט גֶעדְרוּקְט .
אִין דִיא אֵיינְגֶע גַאסֶען , וואוּ דִיא מַאסֶע שְׁטֶעהט גֶעדִיכְט ,
פִּיעל אָרְמֶע, פִּינְסְטֶערֶע, דָאס אוּמְגְלִיק לִיעגְט אוֹיפ'ן גֶעזִיכְט, —
שְׁטֶעהֶען פוּן פְרִיה בִּיז בַּייא נַאכְט ,
דִיא לִיפֶּען פַאר בְּרֶענְט אוּנ פַאר שְׁמַאכְט .
דֶער אִיז מַפְקִיר זַיין קִינְד פַאר אַסֶענְט [1] ,
דֶעם וַוארְפְט מֶען פוּן וָואהנוּנְג פַאר רֶענְט [2]
פִּיעל גְרִינֶע [3] מִיט שְׁוֶוערֶע גֶעמִיטְה
פַאלֶען פוּן הוּנְגֶער אִין סְטְרִיט [4] ,
פִּיעל דַלוּת מִיט קְרַאנְקְהַייט בֶּענַאנְד —
אַלְץ אִין דֶער גָאלְדֶענֶער לַאנְד !

---

1) אקאפיקע, 100 סענט איז א דאלאר. 2) דירה געלט. 3) נייע אנגעקומענע.
4) אין גאס.

2.

דֶעם אַרְבַּייטֶערְס יָאהְרֶען שְׁווִימְט הִיער אַוֶועק
אִין אַטַייךְ פוּן זַיין אֵייגֶענֶעם שְׁוֵויים ,
הָארֶעוֶועט אִין בִּיזִי [1] אוּנ הוּנְגֶערְט אִין סְלֶעק [2]
אוּנ אִיז שְׁטֶענְדִיג אִין שְׁרֶעק מִיט זַיין פְּלַיים [3] .
וִויא אַמַאשִׁין אַנַייעֶ לֵייגְט פָאר אִיהר פְּרָאיֶעקְט ,
פִיעל אַרְבַּייטֶער , הוּנְדֶערְטֶער , וֶוערֶען פוּן פַאבְּרִיק גֶעסֶעקְט [4] .
לֶעזְט נוּר דִיא סְטַאטִיסְטִיק , זֶעהט מֶען יֶעדֶעם מָאהל ,
פִיעל גַאסֶען טְרֶעמְפְּס [5] , קַיילִיקֶעס , פַאר גְרֶעסֶערְט זִיךְ
שְׁטֶענְדִיג דֶער צָאהל .

דֶער אַרְבַּייטֶער הָאט דָא אַוֶועְרְד
פוּנְקְט וִויא אִין אָמְנִיבּוּס אַפֶערְד :
לוֹיפְט , לוֹיפְט , בִּיז וַואנֶען עֶר פַאלְט ...
קַיין אַרְבַּייטֶער וֶוערְט דָא נִישְׁט אַלְט :
דֶעם גִיט אַמַאשִׁינֶע אַרִים ,
דָא בְּלַייבֶּען דִיא שְׁטֶעפֶּערְס אָן פִישׁ ,
דֶער וֶוערְט בְּלִינְד , דֶער אָן אַהַאנְד —
אוּנ אַלֶץ אִין דֶער גָאלְדֶענֶער לַאנְד !

3.

דֶער גְרִינֶער פַאלְט דָא פוּן מוּטְה אַרָאפּ :

---

1) אַרבייטס-צייט , 2) ווען קיין אַרבייט איז ניטאָ ,' 3) פלֿאַטץ , 4) אָבגעזאָגט .
5) ברודזאַגעס .

וֶוען לויפֶּערְס [1] אִיהם רִינְגְלֶען אַרוּם ,
דֶער פָּאלִיסְמַאן [2] זֶעהט , קֶערְט עֶר אָפּ דִיא קָאפּ .
וִויא הֶפְקֵר דֶער מַאנְן וָואס אִיז שְׁטוּם !
דֶעם פֶּעדְלֶער מִיטְ'ן וֶועגֶעל רַק מִיא שְׁלֶעפְּט אִין קָארְט [3] ,
פֶּעדְעלְט עֶר אַם זָאנְטַאג . שְׁיינְקְט מֶען אִיהם אִין טוּמְבְּס [4] אַן אָרְט .
אִין דִיא סוּיט [5] פֶּערְרַייזְט עֶר , דֶען דָא אִיז אִיהם נִישְׁט גוּט , —
פִיעל פֶּעדְלֶער דָארְט הֲרוּגִים , קֵיינֶער וֵויינְט נִיט אוֹיף דָאס בְּלוּט .
הָאט אֵיינֶער דֶעם קְלֶענְסְטֶען טְרַייל [6] ,
שְׁטֶעלְט עֶר זַיין אֵייגֶענְס אִין בַּייל [7] ,
דֶער לָאיֶער [8] דָאס זַייניגֶע טְהוּט ,
סָאקְט [9] אִיהם זַיין לֶעצְט בִּיסֶעל בְּלוּט .
הָאבּ אִיךְ אִיהם מִיט גָאלְד נִישְׁט עֶרְפִּיעלְט ,
דַאנְן אִיז שׁוֹין מַיין מִשְׁפָּט פֶּערְשְׁפִּיעלְט .
צוּרִיק גֵייט דִיא וַוארְהַייט מִיט שַׁאנְד —
אוּנ דָאס רוּפְט מֶען גָאלְדֶענֶע לַאנְד ! ?

4.

פִיעל הָאט דָא אַ וֶוערְטְה אַ מֶענְשֶׁענְס קָאפְּף ...
נִיט זִיבֶּער קֵיין אֵיין מִינוּט ,
אַלֶע וַויילֶע אַ טְרַיין [10] פוּן וֶועג אַרָאפּ .
אַטַייךְ מִיט מֶענְשֶׁענְבְּלוּט .

1) שקצים , 2) גאָראָדאָוואָי , 3) פאָליציייא , 4) אָסטראָג , 5) דרום , 6) משפט ,
7) ערבוֹת , 8) אַדוואַקאַט , 9) זויגט , 10) אַצוג .

בַּייא סְטְרִיט קַאר [1] אוּנ פַאבְּרִיקְעֶן וָואס לֶעבֶּענְם מִיא פַארְלִירְט !
דֶער אַנְבּוּלַאנְס [2] אִיז בִּיזִי [3] רַק מִיא זֶעהט עֶר טְהוּט אוּנ פִיהְרְט .
דָארְטֶען גְרָאבְּט מֶען קָאהלֶען, פְלוּצְלוּנְג עֶקְסְפְּלָאדִירְט —
הוּנְדֶערְטֶער פַאמִילְיֶען וֶוערֶען שׁוֹין צוּרוּאִינִירְט .
פִיעל אָפְּפֶער הָאט נוּיָארְק גֶעבְּרַאכְט
פוּן אִיהרֶע פַייעֶרְס בַּייא נַאכְט .
דִיא שְׁפְּרִינְגֶען פוּן דְרַיי פְלָאר [4] הוֹיךְ ,
דִיא בְּלַייבֶּען דֶערְשְׁטִיקְטֶע פוּן רוֹיךְ ,
פוּן פַייעֶר עֶסְקַייפּ [5] פַאלֶען אַפֶּען גַאס
קִינְדֶער פַאר בְּרֶענְטֶע אַף אַשׁ .
וִויא גֶעפֶעהרְלִיךְ דֶער לֶעבֶּענְס בֶּעשְׁטַאנְד
הִיער אִין דֶער גָאלְדֶענֶער לַאנְד !

5.

דָאס פְרוֹיעֶן גֶעשְׁלֶעכְט גִיט הִיער אַ בְּלִיק !
וואוּ אִיז זֵייעֶר בְּלוּמֶען גֶעשְׁטַאלְט ?
אַלְס קִינְד נָאךְ אַרְבַּייט זִיא אִין פַאבְּרִיק ,
אָן יָאהרֶען וֶוערְט זִיא אַלְט .
דִיא שְׁמֵיינְגְלַאךְ פוּן דֶער חוּפָּה עֶרְקְלֶעהרֶען אִיהר שְׁטִילֶערְהֵייט
אַז אִיהר הֵייראַטֶען אִיז אָפְּיוּם : דֶער פוּן וֶוערְט מֶעהר דִיא קָאפְּף פַארְדְרֵייט ;

1) קאָנא זשעלעזנאַיאָ דאָראָגא 2) קראַנקען וואָגען, 3) בעשעפטיגט , 4) גאָרין.
5) פייערטורעפ .

אִיהר הָארֶעוֶוען בִּיז אִיצְטֶער אִיז וִויא אֵיין נוּל גֶעשֶׁעצְט
קֶענֶען דִיא לַאסְטֶען וֶועלְכֶע אִיהר עֶרְוַוארְטֶעט, — יֶעטְצְט.
וִויא גִיךְ עֶס פַּאר וֶועלְקְט שׁוֹין דִיא רוֹיז!
זִיא מוּז שׁוֹין אַטֶענְדֶען [1] אַהוֹיז;
דִיא בֵּייבִּי [2] גִיט אִיהר גִיט קֵיין רוּה
אוּנ הַאלְט אַדְרַייא בָּארְדֶער [3] דֶערְצוּ
מוּז וַואסֶען דִיא וֶועשׁ אוּנ דֶעם פְלָאר [4]:
דִיא קְרֶעפְטֶען וֶוערֶען שְׁוַואכֶער פוּן יָאהר.
וִויא טְרוֹיעֶרִיג דָאס פְרוֹיעֶנְבֶּעשְׁטַאנְד
הִיער אִין דֶער גָאלְדֶעְנֶער לַאנְד!

6.

אִין נוּיָארְקֶער דַאוּן—טַאוּן [5] קוּקְט דָארְט אַרָאפּ,
וִויא דִיא לוּפְט אִיז אַרֶעגֶעלֶע [6] פֶּעסְט,
מִיא לִיגְט אִין דִיא טֶענְמֶענְטְס [7] אַקָאפּ אוֹיף אַקָאפּ,
וִויא דִיא הֶערִינְג אִין בַּארְלַאךְ [8] גֶעפְּרֶעסְט.
דִיא אַלֶע סָארְטֶען שְׁפַּייזֶען, וָואס דֶער אָרֶעמַאנְן גֶעניסְט,
אִיז מִיט הוּמְבָּאג, מִיט פַאלְשְׁקַייט, זָאגַאר מִיט רִיזִיקֶע פֶּערְמִישְׁט.
עֶר אִיז פוּן דֶער פַאמִילְיֶע דֶער שְׁפַּייזֶער אִין דֶער נוֹיט,
שְׁטָאפְּט מֶען אִיהם מִיט שֶׁאדְלִיכֶעם אַז עֶר בְּלַייבְּט אַקְרַאנְקֶער
בִּיז אִין טוֹיט.

---

1) ווירטשאַפטען אין צופרידען שטעלען. 2) דאס וויג קינד. 3) קעסטניקעס.
4) דיא פאדלאגע. 5) אונטערשטאָדט. 6) אַריכטיגער. 7) אַמוייער פון פיעל גארענס מיט אַנדרע שכנים. 8) פענסטער.

װער קען עס צוזעהען דעם צער ,
װיא קינדערלאך שפרינגען פון קאר [1] ,
מיט דיא ניוס פייפער [2] פול אין דיא הענד ,
רעזיקירען זיך פארדינען א סענט .
אין הויז איז דער דלות דארט פול ,
דאן הייסט מען אב קינדער פון סקוהל [3] ,
זייא בלייבען פאר גרעבט , אן פערשטאנד ,
אונ אלץ אין דער גאלדענער לאנד !

7.

נאר גליקליך לעבט דא דער גביר אין איהר ,
ער בעזיצט דא א קעניגרייך ,
װאס אין יוראפ [4] א פירשט , איז אין אמעריקא א גביר ,
דיא מאכט איז פון ביידען גלייך .
אין דעם גרויסען װעלט-ים אלע טייכען פליסט ,
אונ דאס רייכטהום פון אלעמען ציהט זיך צום קאפיטאליסט .
איהם שאדט קיין קאנקורענציע , זיין קאפיטאל איז גרויס ,
ער גיט א שפיעל , א װיילינקע , װערען קליינינקע באלד אויס ;
װיא שטארק איז זיין מאכט אונ זיין װארט !
ער האט דיא דעה אין קארט [5] ,

1) קאנקע . 2) צייטונגען . 3) שוהל . 4) אייראפא . 5) פאליצייא .

אִין סִיטִי הָאלְל 1) גִילְט נוּר זַיין שְׁטִים ,<br>
צַייטוּנְגֶען חַאנְפֶענֶען אִיהם .<br>
טְרֵיינְס 2) הָאט עֶר אוּנ קָאהלֶען מַיינְס 3) ,<br>
לַאנְד וואוּ מַאן פָאהרְט אִיז נוּר זַיינְס ,<br>
אִיבֶּער אִיהם גִיעבְּט נִישְׁט אִין שְׁטַאנְד ,<br>
פַאר אִיהם אִיז אַ גָאלְדֶענֶע לַאנְד !



1) ראַטהויז . 2) באַהנען . 3) קאָהלענגרובער .

# צום יָאהר תרמ"ט.



1.

אַנייעס בוך גֶעהט אִיצְט אַרויס
מִיא רופְט אִיהם אָן דֶער יָאהר תרמ"ט,
דְרַייצֶעהן טָאג, הַאלְט עֶר דִיא גְרויס,
דְרַייא הונְדֶערְט פִינְף אונ אַכְצִיג בְּלַאט.
דורְךְ דִיא בְּלֶאטֶער גֵייט אַ שְׁנור
גֶענומִירִירְט אַלֶעס אִין אִיהם,
גֶעדְרוקְט אִיז עֶר בַּייא דֶער נַאטור
דֶער מְחַבֵּר „אֶלֹהִים".

2.

דִיא פַּאפִּיער פון יֶעדֶען בְּלַאט,
אִיז צוטְהֵיילְט הַאלְבּ שְׁוַוארְץ, הַאלְבּ וַוייס,
אונ דֶער לֶעזֶער וֶוערְט נִיט זַאט
לֶעזְט, גֶעפִינְט דָארְט שְׁטֶענְדִיג נַייס.
נָאר דֶעם דִיא שְׁוַוארְצֶע, זֶעהט וַוייס אויס
אונ דֶעם דִיא וַוייסֶע שְׁוַוארְץ וִויא טוךְ,

אוּן דֶער מְחַבֵּר גִיט אַרוֹיס
אַלְלֶע יָאהר אַ נַייעֶם בּוּךְ .

3.

אַבְּלַאט אַ טָאג לֶעזְט מֶען נִישְׁט מֶעהר
מִיא לֶעזְט דֶעם בּוּךְ אוֹיס אִין אַ יָאהר ,
מִיא הָאט קַיין רֶעכְט צוּ טָאהן אַקֶער
זֶעהן וָואס וַוייטֶער קוּמְט דָארְט פָאר .
אֵיינֶער פִיהלְט גֶעשְׁמַאק אִין זֵיי
דֶער צְוֵוייטֶער נֶעמְט עֶס נִיט אִין אַכְט ,
אוּן דֶער לֶעזְט אָבּ אַבְּלַאט צוּ צְוֵויי
פְלוּצְלוּנְג וֶוערְט דֶער בּוּךְ פֶערְמַאכְט ...

4.

עֶס קוּמְט אָן אָט דֶער זְשׁוּרְנַאל
. אַלֶע בְּרוּאִים אָהן גֶעצָאהלְט ,
דֶען דֶער רֶעדַאקְטָאר הָאט קַיין כְּלַל
וֶועמֶען פַיינְט , אוּן וֶועמֶען הָאלְט ;
עֶר זֶעהט וִויא שְׁלֶעכְטֶע שְׁטַייגֶען אוֹיף
גוּטֶע טְרִינְקֶען זִיךְ אִין בְּלוּט ,
אוּן דֶער זְשׁוּרְנַאל עֶר הֶערְט נִיט אוֹיף ,
קוּמְט אָן יֶעדֶען צוּם מִינוּט .

5.

דֶער זְשׁוּרְנַאל, עֶר הֶערְט נִיט אוֹיף
חָאטְשׁ דִיא לֶעזֶער בַּייטֶען זִיךְ:
דֶער אַרָאפּ, אוּנ דֶער אַרוּף
שְׁפְּרָאצֶען, וֶועלְקֶען זֵייעֶר גִיךְ.
לֶאנְדֶער, פֶאלְקֶער, אַלְס אַגַאל
שְׁטַייגֶען, פַאלֶען, בִּיז צוּם גְרוּנְד,
אַךְ וִויא פֶעסְט, אִיז דֶער זְשׁוּרְנַאל!
זֶעהט דִיא בְּלֶאטֶער! זֶעהט דֶעם בּוּנְד!

6.

הֶערְר רֶעדַאקְטָאר! דִיר בֶּעט אִיךְ
קַיין אָפְּהַאלְט זָאהל זַיין אוֹיף מַיין וֶועג,
רוּהִיג, מוּנְטֶער, לָאז נָאר מִיךְ,
לֶעזֶען וַוייטֶער בִּיז צוּם בְּרֶעג.
אָה, דֶער זְשׁוּרְנַאל! אָה, דֶער פָארְמַאט!
וִויא לִיעבּ אִיז מִיר אַייעֶר אָרְגַאן!
אִיךְ וֶועל אַייךְ דַאנְקֶען פַאר תרמ"ט
אוּנ וֶועל הָאפֶען אוֹיף תר"ן...



# צום יָאהר תר"ן ׳

1.

עֶס שְׁלָאגְט דֶער וֶועלְט—זֵייגֶער אִיצוּנְדֶערְט
וְויא מִיר גְלױבֶּען פּוּפְּצִיג יָאהר ,
צום צָאהל זֶעקְס אוּנְפוּפְּצִיג הוּנְדֶערְט
פוּן דֶעם עֶרְסְטֶען מֶענְשִׁינְס דור (דָאר).

2.

אוּנְזֶער רוים אִיז גָאטְטֶעס זֵייגֶער ,
אוּמֶעטוּם שְׁטֶעהט זַיין פֶּעטְשַׁאט –
זוּנְ אוּנ מָאנְד , זַיינֶען דִיא צַייגֶער
אוּנ דִיא עֶרְד דֶער צִיפֶער בְּלַאט .

3.

דֶער קְלֵיינְצִיגֶער , צַייגְט מָאנַאטֶען ,
אוּנ דֶער גְרױסֶער טָאג אוּנ נַאכְט ,
אוּנ פוּן יָאהר , אַלֶע פִיר צַייטֶען
שְׁרֶעקְלִיךְ רֵייצֶענְד גָאר אַפְּרַאכְט .

4.

פירְכְטֶעם נִיט פַאר שְׁטוֹיבּ פוּן דְרוֹיסֶען
מִיט קַיין גְלָאז אִיז עֶר פַארְשְׁטֶעלְט ,
אִיהם שַׁאדְט נִיט קַיין קְלַאפּ קַיין שְׁטוֹיסֶען
נִיעמַאלְס הָאט עֶר זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט .

5.

אִיהם הָאט קַיין מָאהל נִיט גֶעטְרָאפֶּען ,
נִיט גֵיין רִיכְטִיג , אוֹיף אַ הָאר ,
נִיט גֶעשְׁפֶּעטִיגְט נִיט גֶעלָאפֶּען ,
שׁוֹין כִּמְעַט „זֶעקְס טוֹיזֶענְד יָאהר" .

6.

אוֹיף אִיהם הֵיינְגֶען צְוֵייא וָואגֶען
דֶער שְׁטוֹיסְט אָפּ , דֶער צִיהט צוּ זִיךְ ,
דִיא צְוֵייא קְרֶעפְטֶע , דְרֵייעֶן טְרָאגֶעז
אַלְלֶע רֶעדְלַאךְ , זֵייעֶר גִיךְ .

7.

פִיעל קַאמֶעטִין , אוּנ פְּלַאנֶעטִין ,
נֶעפְּטוּן , וֶוענוּס , אוּנ מֶערְקוּר ,
אַלֶעם דְרֵייעֶן דִיא צְוֵייא קֶעטִין
דִיא צְוֵייא כּוֹחוֹת פוּן נַאטוּר .

8.

אִידם אָנְצִיהֶען , וִויא דֶער שְׁטֵייגֶער ,
אַלְלֶע וָואךְ , צוּא אַלְלֶע יָאהר ,
דָאס פַאר שְׁפָּארְט מֶען אִין דֶעם זֵייגֶער ,
גֵייט , אוּנ גֵייט , פוּן דוֹר צוּ דוֹר .

9.

אַלְלֶע ווּאוּנְדֶער אוּנ מַאשִׁינֶעס ,
וָואס קֶען נָאר גֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט ׳
לִיגְט עֶס אַלְץ אִין דִיא שְׁפְּרָאנְדְזִינֶעס ,
קֵיין אֵיין קוּנְסְט , אִיז דָא פֶערְפֶעהלְט .

10.

טֶעלֶעגְרַאפֶען , פָאנָאגְרַאפֶען ,
עֶלֶעקְטְרִיה , אוּנ מַאגְנֶעט ,
הָאט דֶער מַייסְטֶער אַלְץ בֶּעשַׁאפֶען .
אִין דֶעם זֵייגֶער וָואס אִיהר זֶעהט .

11.

אָה , דוּא גְרוֹיסֶער זֵייגֶער מַייסְטֶער !
נָאר דוּא ווייסְט דֶעם סוֹד אַלֵיין ,
נִיט קֵיין מֶענְשֶׁען , נִיט קֵיין גֵייסְטֶער ,
קֵיינֶער קָאן דֶעם סוֹד דֶערְגֵיין .

12.

קָאז נָאךְ יָאהרֶען, מִיר מִילְב קְרִיכֶען
אוֹיף דַיין גְרוֹיסֶען צִיפֶער בְּלַאט,
אִיךְ וִויל לֶערְנֶען, קְלֶערֶען זוּכֶען
עֶטְוַואס פוּן דַיין גְרוֹיסֶען טְהַאט.

13.

וִויא דוּא הָאסְט עֶס אַלְיין בֶּעשַׁאפֶען
אוּנ בֶּעשַׁאפְסְט נָאךְ עַד הַיוֹם —
וֶועלְטֶען פוּל מִיט יַם, אוּנְד הַאפְּפֶען
אִין דֶעם אוּנְבֶּעגְרֶענְצְטֶען רוֹים.

14.

וֶוער קֶען צֵיילֶען דִיא מִילְיָאנֶען
וֶועלְכֶע שְׁוֶועבֶען אוֹיבֶען שְׁטִיל?
וֶועלְכֶע רֶעדְלַאךְ זַיינֶען זָאנֶען
וָואס בֶּעוֶועגֶען עֶרְדֶען פִיעל?

15.

וֶוער קֶען דֶען דַיין זֵייגֶער מֶעסְטֶען
אִין זַיין לֵיינְג, אוּנ אִין זַיין בְּרֵייט?
אוּנ פַאר שְׁטֶעהְן זַיין קְרַאפְט דֶעם פֶעסְטֶען,
זָא פִיעל דוֹרוֹת צַייט עֶר גֵייט?

16.

וואו איז דער אָרט , וואָס פאַר מאָגט עס ,
צו ענטהאַלטען דיעזען נעסט ?
און דער מייסטער , וועלכער טראָגט עס
זאָ אַיין טאַש–אוהר אין זיין וועסט ? !

17.

פון דיין קונסט ווען איך קען קריגען ,
וויא אַטראָפּפען פון דעם ים ,
מעהר פון אַללע פערגעניגען
פיהל איך דאן דער פון דעם טעם .

18.

גרויסער קינסטלער ! איז ניט מעגליך
מיר ערלויבען מאהן אַ בליק ,
וויא דיא אוהרען ווערען טעגליך
פאַבריצירט , אין דיין פאַבריק .

19.

און צוריק מיך לאָזען שוועבען
צוא דיא מענשען , דאָ אויף דר'ערד ,
איך זאהל קענען איבערגעבען
אַללע קונסטען , דיין ערקלערט ?

20.

און װען דיא צײט װעט אַמָאהל קומען ,
איך װעל דאַרפֿען גײן צוריק —
הײס דיא דינגער אין דײן נאָמען
לאָזען מיר אין דײן פֿאַבריק .

21.

װאו אַזעלכע מאַשינען-אוהרען ,
װערען פֿיעל געפֿאַבריצירט ,
אין פֿערשײדענע פֿיגורען
װאָס דיא אַרבײט , ריהרט דעם װירטה .

22.

דאָרטען אין דײן מײסטערסקאַיע
װאו מיא גיסט אױס דיא געװעהר ,
װאו מיא זעהט נאָר װעלטען פֿרײע
קײנער װײס ניט פֿון אַמָרעהר .

23.

װאו מיא זעהט דעם אֶמֶת אײנעם
און אין יחוס אַלע גלײך ,
װאו מיא הערט דאָרט ניט פֿון קײנעם
איד , און קריסט געמײן און רײך .

24.

דָארְט וואו דוּא הָאסְט אוּים גֶעקְלִיבֶּען
דַיין פַאבְּרִיק זָאהל דָארְטֶען זַיין ,
אַפִּ'ן טִיר שְׁטֶעהט אָן גֶעשְׁרִיבֶּען :
„פְרֶעמְדֶע קוּמֶען נִיט אַרַיין" .

25.

דָארְטֶען זָאהל אִיךְ פְרַייא שְׁפַּאצִיערֶען
מִיט דִיא אַרְבַּייטֶער בַּאנַאנְד ,
אוּנ אוֹיךְ הֶעלְפֶען פַאבְּרִיצִירֶען
יֶעדֶען רֶעדֶעל , מִיט מַיין הַאנְד .

26.

אִיךְ זָאהל ווִיסֶען אַלֶע קְוֶועלֶען ,
אַלֶע סוֹדוֹת פוּן נַאטוּר ,
אוּנ זָאהל קֶענֶען זֶעלְבְּסְט אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
זָא אַ קִינְסְטְלִיךְ מַאשֶׁען–אוּהר .

27.

אוּנ וֶוען אִיךְ וֶועל דִיא סוֹדוֹת ווִיסֶען
ווִיא דֶער זֵייגֶער ווֶערְט גֶעמַאכְט ,
דַאמָאלְס וֶועט מִיר נִיט פֶערְדְרִיסֶען
וָואס דוּא הָאסְט מִיר הִיער גֶעבְּרַאכְט . —

---

# דֶער אַמֶערִיקַאנֶער לִיעד.

אָדער

## קָאלָאמְבּוּס אוּנ וַואשִׁינְגְטָאן.

1.

גְרוֹיסֶע מֶענְשֶׁען, אֵייבִּיג שְׁטְרֶעבֶּען
צוּא בְּרֵיינְגֶען נוּטְצֶען פַאר דֶער וֶועלְט,
דֶער שֵׁיינְקְט בִּילְדוּנְג, דֶער—זַיין לֶעבֶּען,
דֶער מִיט גַייסְט, אוּנ דֶער מִיט גֶעלְד;
אֵיינֶער רַאטֶעוֶועט טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען,
אוּנ דֶער צְוֵוייטֶער אַ מִילְיָאן,
דֶער אַ גַאנְצֶע שְׁטָאדְט פוּן זַיין הִילְף גְלֶענְצֶען,
דֶער מַאכְט גְלִיקְלִיךְ זַיין נַאצְיָאן.
עֶס וַוארֶען מֶענְשֶׁען צְוֵוייא:
קָאלָאמְבּוּס אוּנ וַואשִׁינְגְטָאן,

בַּיין לֶעבֶּען הָאבֶּען זֵייא
פִּיעל גוּטֶעס אוֹיף גֶעטָאהן ;
דֶער שְׁווימְט דֶעם יַם אַרִיבֶּער
גֶעפִינְט אַ נַייעֶ וֶועלְט ,
דֶער שְׁטְרַייט וויא אַ גִבּוֹר
אוּנ הָאט אִיהר פְרַייא גֶעשְׁטֶעלְט .
אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פֶּערְזָאנֶען ,
פוּן אַלֶערְלֵייא נַאצְיָאנֶען ,
שִׁיצֶען זִיךְ בַּייא זֵייעֶר פָאן
אוּנ אַ גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט מֶענְשֶׁען ,
הֶערְט מֶען דוּרְכְאוּיס בֶּענְטְשֶׁען
קָאלָאמְבּוּס אוּנ וַואשִׁינְגְטָאן .

2.

אִין אֵייְרָאפַּא , גִיט הַשְׁגָחָה ,
אִין קְוַואל פוּן דַלוֹת אוּנ פוּן שְׁמוּטְץ
לִיגְט אוּנ קְוֶועהלְט זִיךְ אַ בַּעַל מְלָאכָה ,
פוּן זַיין גְרוֹיס מִיה , הָאט עֶר קַיין נוּטְץ !
קָאנְקוּרֶענְטֶען , רַייסֶען זַיין בִּיסֶען ,
בָּאדְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אִין יַם פוּן נוֹיט ,
וַוייבּ אוּנ קִינְד גֶעהֶען אָפְּגֶערִיסֶען

און זײנען זשעדנע אין דאס טרוקען ברױט.
גיט איהם גאטט א זינען
צו אנדערען זײן שטאנד,
לאזען זיך אהין
אין דער נײער לאנד.
אײן יאהר לױפט א ריבער,
זעהט, דער מענש פאר דינט
ליווערט באלד שוין איבער
אין נױארק זײן געזינד;
טאלאנטען זײא געגעבען,
זײא מאכען שוין א לעבען,
זײא זעהען שוין דעם נױט ניט אן
צווישען א וועלט מענשען
הערט מען זײא אױך בענטשען
קאלאמבוס און וואשינגטאן.

3.

בײא יענעם פאלט שטארק, דיא געשעפטען
איהם האבען לײט, פיעל געלד פארפיהרט
ער אבער מאטערט זיך מיט אלע קרעפטען,
ביז ער האט ענדליך, געבאנקראטירט;

בַּעֲלֵי חובות אִיהם דְרִיקֶען קְוֶועטְשֶׁען
פֶערְקוֹיפֶען ווירְטְהשַׁאפְט בַּייא אִיהם פון שְׁטוּב ,
אֵיינֶער וְויל אִיהם שׁוֹין אִין פֶעסְטוּנְג זֶעצֶען ;
פון הִימֶעל גֶעפַאלֶען , אִין טִיפְסְטֶען גְרוּב !
וַוייזְט אִיהם דֶער נוֹיטְה אַ פְּלַאן
אַן עֶנְד פון דְרוּק , פון רוֹיב ,
אַרִיבֶּער גֶעהְן דֶעם יַם
צוּא דֶער פְרַייעֶר טוֹיב .
אָנְפַאנְג עֶטְוָואס בִּיטֶער
פְרֶעמְד דִיא שְׁפְּרַאךְ , דִיא לַאנְד ,
וֶוערְט עֶר אַ גֶעניטֶער ,
בַּיידְט זִיךְ גְלַייךְ זַיין שְׁטַאנְד ;
פַארְדִינְט שׁוֹין הִיבְּשֶׁע טְהָאלֶער
אוּנ וֶוערְט אַ גוּטֶער צָאהלֶער
עֶס קוּמְט וִוידֶער זַיין פְרִיהלִינְג אָן ,
צְווִישֶׁען אַ וֶועלְט מֶענְשֶׁען
הֶערְט מֶען אויךְ אִיהם בֶּענְטְשֶׁען
קָאלָאמְבּוּס אוּנ וַואשִׁינְגְטָאן .

4.

יֶענֶעם מַסֶר'ט מֶען , בְּלויז פון שִׂנְאָה ,

חָאטְש אַלֶע וֵויסֶען אַז עֶר אִיז רֵיין ,
אִיהם וֶוערְט דָאךְ אֵיינְג דִיא מְדִינָה ,
עֶר מוּז דָא בַּאלְד צוּם מִשְׁפָּט שְׁטֶעהְן ;
אוּנ הָאט קֵיין עֵדוּת זָאהלֶען אִיהם בֶּעשִׁיצֶען
עֶר וֵויים וָואס אִיהם קוּמְט עַל פִּי דִין :
פְרִיעֶר וֶועט עֶר לַאנְג אִין פֶּעסְטוּנְג זִיצֶען ·
אוּנ דֶער נָאךְ וֶוער וֵוייסְט וואוּהִין ,
הַאפְּט עֶר וַוייב אוּנ קִינְד
אוּנ זַיין בִּיסֶעל גֶעלְד ,
לוֹיפְט אַוֶועק גֶעשְׁוִינְד
אִין דֶער נַייעֶר וֶועלְט ;
דָא גֶעהט אוֹיף אִיהם קֵיין בִּיבֶער
מֶען פְרֶעגְט נִיט וֶוער , אוּנ וָואס ,
דָא זִיצְט עֶר גַאנְץ זִיבֶער
וִויא אוּנְטֶער אַ שְׁלָאס .
אוּנ זוּכְט זִיךְ אוֹיס גֶעשֶׁעפְטֶען
וִויא נָאךְ זַיינֶע קְרֶעפְטֶען ,
קֵיינֶער קֶען אִיהם גָאר נִיט טָאן ;
אוּנ צְווִישֶׁען אַ וֶועלְט מֶענְשֶׁען
הֶערְט מֶען אִיהם אוֹיךְ בֶּענְטְשֶׁען
קָאלָאמְבּוּס אוּנ וַואשִׁינְגְטָאן .

5.

ווִיא קְלוּג אוּנ שֵׁיין אִיז יֶענְע פְרַיילִין ,
גְלִיקְלִיךְ קֶען זַיין , פַאר אִיהר אַ מַאן ,
נָאר וָואס הֶעלְפְט דִי מַעֲלוֹת , אַז זִיא קֶען נִיט צֶעהלֶען ,
טוֹיזֶענְד רוּבְּל אִיהם נַדַן .

וֶוען זִיא זָאהל שׁוֹין דָאס גֶעלְד בֶּעוַוייזֶען ,
קְרִיגְט זִיא נִיט נָאךְ אִיהר וֶוערְטְה , אוּנ מְהַאט ,
דֶער הָאט פִיעל פֶעהלֶער , דֶער קֶען נִיט שְׁפַּייזֶען ,
אַ גֶעזִינְד מִיט בְּרוֹיט צוּ זַאט ;

קוּמְט אִיהר אוֹיפְ'ן זִינֶען אַ רוּיף
אַ קָרוֹב הָאט זִיא דָארְט ,
זִיא שְׁרַייבְּט זִיךְ דוּרְךְ מִיט בְּרִיעף
אוּנ קוּמְט אִין פְרַייעֶן אָרְט .

דָא זוּכְט מֶען קַיין פְּלֶענֶער
פוּן נַדַן וֶוערֶען רַייךְ ,
זִיא קְלַייבְּט אוֹיס פוּן דִיא מֶענֶער
וָואס זָאהל אִיהר פַּאסֶען גְלַייךְ ;

אוּנ הָאט פַאר אִיהם חִיוּנָה
אַ קְלֵייד נָאךְ אוֹיךְ-אַ שֵׁיינֶע

נָאךְ אִיהר וואוּנְשׁ פוּן אֵייבִּיג אָן
אוּנ צְווִישֶׁען אַ וֶועלְט מֶענְשֶׁען ,
הֶערְט מֶען אִיהר אוֹיךְ בֶּענְטְשֶׁען ,
**קָאלָאמְבּוּס אוּנ וַואשִׁינְגְטָאן .**



## ע נ ד ע

# הודעה

## צעהען יודישע פאלקס־ליעדער

ערפֿאסט מיט די הארמאניה פון מוזיק בעגלייטונג טעקסט מיט געזאנג

פֿאן בעריהמטען דיכטער **אליקום צונזער**.

אינהאלט:

דיא קאנטראסטען (שני הפכים).
דער אריסטאקראט.
דיא סאכֿע.
נאך דעם נייעסטען זשורנאל.
דער נייענצעהנטער יאהר הונדערט.
6) שיבת ציון.
7) בטוח אני באלה (בין אידשוין זיכער).
8) רבי יעקב משלם.
9) דער חילוק.
10) קלוג, אידיל און שטיל.

פרייז 30 קאפ׳ פיר בוכהענדלער אונד ביבליאטהעקען געהאריגען ראבאט.

נאטען צו דיא צעהן יודישע פאלקס־ליעדער פון בעריהמטען
אידישען דיכטער אליקום צונזער צום זינגען אונד פיאנא בעגלייטונג.

פרייז 1 רו״כ מיט פארטא, פיר בוכהאנדלער אונד ביבליאטהעקען ראבאט.

עלעגיא לעוואנדע טרויער געדיכט איבער דעם טויט פון ר׳ הודה ליב לעוואנדא. טעקסט יודיש און רוסיש פאן אליקום צונזער.

פרייז 10 קאפ׳.

---

# ☛ חדשה ☚

## שירי ציון!

### מבחר שירי ציון בשפת עבר.

אסיפת שירים ערבים לאומיים ממבחרי משוררי עמנו, יכיל הרבה שירים שונים נדפס בפורמאט קטן על ניר טוב ויפה ומהודר למאד.

**הספר הזה ראוי וטוב למנחה ולתשורה.**

מחיר הספר בכריכה קלה ויפה 30 קאפ׳. עם פארטא 35 קאפ׳ ובכריכה מהודרה 40 ק׳ עם פארטא 45 ק׳.

להשיגו בכל בתי מסחר הספרים וגם אצל המו״ל כפי הכתובת:

Книжный магазинъ, Исаака Функа **Вильна.**